געאָרג בּראַנדעס

# אנאטאל פראנס

אָפּהאַנדלונג

אידיש: א. פרומקין

## 1.

דעם אמת'ן שריפטשטעלער דערקענט מען אין דעם, וואס אזוי גיך ווי מען האט פאר זיך בלויז איין זייטעל זיינס, געפינט מען דעריין ווענינגסטענס איין זאץ אדער איין ווענדונג, וואס נאר ער אליין האט געקענט אנשרייבען.

נעמען מיר, למשל, פאלגענדען זאץ: „אז מען זאל גלויבען דעם דאזיגען פרידליכען נשמות־פערזארגער, קענען מיר זיך גאר־נישט אויסדרעהען פון דער געטליכער גוטסקייט, און מיר וועלען אלע אריין גלייך אין גן עדן אריין — סיידען ס'איז נאר קיין גן עדן ניטא, וואס איז אייגענטליך גאנץ ווארשיינליך.“

דער דאזיגער זאץ געהט אויף רענאן. ער מוז קומען פון רענאן'ס א תלמיד, וועמעס וויץ איז פיליכט א ביסעל שארפער ווי דער וויץ פון דעם מייסטער. מעהר איז וועגען דעם ניטא וואס צו זאגען.

אדער מיר נעמען אט דעם זאץ: „זי איז געוועזן די אלמנה פון פיער מענער — א מורא'דיגעם פרויען־צימער, אויף וועמען מען האט אלץ געקענט גלויבען, נור ניט אז זי האט ווען עס איז געליעבט אין איהר לעבען. דערפאר איז זי געוועזן געעהרט און געאכטעט“. — פאראן בלויז איין מאן וואס האט איהם געקענט אנשרייבען. אין א וויציגען טאן באווייזט ער, אז דער פרוי'ס געזעלשאפט פארצייהט אלצדינג, א חוץ איין ליידענשאפט; אט די באמערקונג גיט ער איבער דעם לעזער פארבייגעהענדיג, אזוי ווי ניט דאס מיינט ער גאר.

אדער דעם דאזיגען זאץ: „מיר דארפען ניט ליעבען די נא־טור, זי איז ניט ליעבענסווירדיג; זי אויך נישט האסען, זי פארדינט ניט קיין האס. זי איז אלעס. ס'איז א גרויסע לאסט

צו זיין אַלעם. ס׳מאַכט מורא׳דיג שווער און אונבאַהאַלפען.״

פאַראַן בלויז איינער, וואָס קען אַנטשולדיגען די נאַטור פאַר איהר גלייכגילטיגקייט צו אונז מענשען מיט דער טענה: ס׳איז אַ גרויסע לאַסט צו זיין אַלעס.

מיר לייענען פאָלגענדען געדאַנק: „ס׳איז אַן אמת אומגליק צו דענקען, זאָל דיך גאָט אַפּהיטען דערפון, מיין זוהן, ווי ער האָט אָפּגעהיט דערפון די גרעסטע הייליגע זיינע, אַזוי ווי די גייסטער, וועלכע ער האָט ליעב געהאַט מיט אַ באַזונדערער ליעבשאַפט און זיי באַשטימט פאַר דער אייביגער זעליגקייט.״

דאָס רעדט אַ גלח אַזוי, און ער רעדט אָהן אַ פונק פון איראָ־ניע. די איראָניע געהט דאָ אַרויס פון צוויי זייטען. מען שפירט דעם פּראָפעסאָר׳ס שמייכעל הינטער דעם גלח׳ס ערנסטקייט.

אין זיין איראָניע איז ער געזונט און שאַרף ווי וועניגע. ער זאָגט: „ציצעראָ איז אין פּאָליטישע זאַכען געווען אַ געמע־סיגטער פון דעם געוואַלדיגסטען סאָרט.״

אין זיין סאַטירע איז ער מאָלעריש ווי וועניגע. — מיר אַנדערע האָבען גע׳טענה׳ט: „גלייכהייט פאַר׳ן געזעץ, דאָס הייסט: פאַר די געזעצען, וואָס די רייכע האָבען אַרויסגעלאָזען פאַר די אָרימע און די מענער פאַר די פרויען״. מיר אַנדערע האָבען געזאָגט, אַז דאָס אידעאַל פון גערעכטיגקייט מוז זיין אַן אונגלייכהייט פאַר׳ן געזעץ, וואָס ווערט אָפּגעמאָסטען און דורכגעפיהרט לויט דער פאַרשידענקייט פון די איינצעלנע מענשען. מיר אַנדערע האָבען געפרעגט: וויבאַלד די אונגלייכהייט ליעגט שוין זאָגאַר אין דעם געזעץ, טו וואָר־זשע בלייבט ערגיץ די גלייכהייט?

אָבער אַז מען לייענט: „אין זיין מאַיעסטעטישער גלייכהייט פאַרזאָגט דאָס געזעץ די רייכע אַזוי ווי די אָרימע לייט, זיי זאָ־לען ניט שלאָפען אונטער די בריקען, ניט בעטלען אין די גאַסען און ניט גנב׳ענען קיין ברויט״ — איז פאַראַן בלויז איין מאַן, וואָס האָט דאָס דאָזיגע געקענט אָנשרייבען.

אָט דער איין מאַן איז אַ נ אַ ט אָ ל פ ר אַ נ ס. אויפ־

פאלענד אין אט דעם סטיל איז די איראניע: זי זאגט גלייך אויס, אז ער איז רענאן'ס גייסטיגער יורש. דאך, ניט קוקענדיג אויף דער פארוואנדשאפט, איז פראנס'עס איראניע א גאנץ אנדערע. רענאן, אלס היסטאריקער אדער קריטיקער רעדט כסדר אין זיין אייגענעם נאמען, איבער די אויסגעקלערטע פער־זאנען אין זיינע פילאזאפישע שוישפיעלען, און נאך מעהר אין זיינע פילאזאפישע געשפרעכען, הערט מען ארויס איהם אליין. פראנס'עס איראניע באהאלט זיך הינטער טרייהארציגקייט. רע־נאן פארמאסקירט זיך, פראנס פארוואנדעלט זיך. ער שרייבט ארויס פון אנשויאונגען, וועלכע זיינען גראד דער היפוך פון זיינע אייגענע, פון אלט־קריסטליכע אדער מיטעל־אלטערליך־קאטוי־לישע אנשויאונגען — און דורך דעם, וואס ווערט געזאגט, פאר־שטעהט מען וואס ער מיינט.

אנדערע שריפטשטעלער קענען זיין אדער אויסווייזען צו זיין פונקט אזוי וויציג, פונקט אזוי איראניש־פיין — זיי זיינען אבער פארט ניט גלייך צו איהם. ס'איז אקוראט ווי מען וואלט אריינ־געהן אין דעם בעסטען פארצעליי געשעפט, מיטברייגנענדיג מיט זיך א שטיק פון אן אנדער פאבריק, פונקט אזוי גאנץ, פונקט אזוי פעהלערלאז, פונקט אזוי שעהן פארפוצט: דאן וועגט עס די דאמע, וואס שטעהט ביים פארקויף־טיש, אפ אין דער האנט, קוקט עס אן און זאגט: דאס איז אן אנדער מאטעריאל".

ווען עס האנדעלט זיך מכח פראנס'ן, דאן קען מען לאנג זוכען, ביז וואנען מען געפינט א מאטעריאל, וואס זאל האבען דעם זעלביגען ווערט ווי יענעס, וואס איז איהם געלונגען צוזאמענ־צושטעלען ערשט נאך אן ארבייט פון זעקס און דרייסיג יאהר צייט.

* * *

אנאטאל פראנס איז שוין איצט ניט קיין יונגער מאן, נאר זיין בארימטהייט איז כמעט גאר ניי. דעם 16טען אפריל פון דיזען יאהר איז ער געווארען 75 יאהר אלט: דאך קען מען

זאגען, אז באריהמט איז ער ערשט זינט א פאר צעהנדליג יאהרען.

נאך אלס יונגערמאן הויבט ער אן שרייבען קליינע ליטעראר־היסטארישע אפהאנדלונגען און שעהנע געדיכטע; אבער אז ער ווערט 37 יאהר אלט קוקט מען זיך צום ערשטען מאל אום אויף איהם, און אויף זיין אומשולדיג ערקעהלונג „דאס פארברעכען פון סילוועסטר באנאר", און עס געדויערט ביז 1892—93, איידער ער ווייזט ארויס זיין אריגינאליטעט.

אויב ער איז א לאנגע צייט אין שאטען געשטאנען און האט זיך ניט ארויסגעזעהן, איז דאס קודם כל געקומען דערפון, וואס זיין ענטוויקלונג צו פולער אריגינאליטעט איז זיך אנגעגאנגען גאנץ לאנגזאם. ס'האט איהם געפעהלט מוט צו זיין ער אליין, ער האט געמוזט האבען דערצו אן אויפמונטערונג פון דרויסען.

אחוץ דעם נעמט זיך דאס דערפון, וואס גרויסע ערצעהלער־טאלאנטען, וועלכע זיינען איצט מעהר ניטא, זיינען פריהער געשטאנען אויפ'ן פאָדערגרונד: נאוועליסטען ווי מאפאסאן, דאָדע, זאלא. דער וועג איז אויך פריי געווארען פאר איהם, דורך דעם וואס טאלאנטען ווי בורזשע און הויסמאן זיינען אריבער צום קלעריקאליזם, טאלאנטען ווי זשול לעמעטר צום נאציאנאליזם, טאלאנטען ווי הערוויע צום טעאטער. ניט צום וויינינגסטען אויך דורך דעם, וואס דער גרויסער סטיל־קינסטלער ערנעסט רענאן, וועמעס יורש ער איז געווען, איז אוועק פון דער וועלט.

ערשט אז דער דאזיגער פיינער צווייפלער און באגייסטערטער געדאנקען־פרומער, נאך וועמעס טריט ער איז נאכגעגאנגען, און ערשט אז די פרוכטבארע דיכטער, וועמעס ביכער האבען אנגעמאכט אזא רושם, זיינען אנשווייגען געווארען, איז דער ארט ארום דעם עץ הדעת, ארום דעם בוים פון וויסען, וועלכען ער האט געפלאנצט, אזוי אפגעראמט געווארען, אז די זון האט געקענט צוקומען צו איהם און דער בוים האט זיך גענומען ארויסזעהן פון אלע זייטען.

יענע אנדערע פראנצויזען האבען געשטאמט פון די פריי־

ווינצען: דאָדע און זאָלאַ פון דער פראָוואַנס, מאָפּאַסאַן פון נאָר־מאַנדיע, רענאַן פון ברעטאַניע, הערוויע פון נואַי, בורזשע פון אַמיען און הויסמאַן פון האָלאַנד. פראַנס, וועמעס גאַנ־צער גוס איז שוין פון אָנהויב אָן געווען צאַרטער און ווייני־גער פעסט, איידער דער גוס פון די פראָוואַנס־לייט און די נאָר־מאַנען, איז אַ פּאַריזער אַ געבוירענער און ער טראָגט דעם שטעמ־פּעל פון אַ פּאַריזער.

זיין מייסטער רענאַן איז ערשט געוואָרען אַ פּאַריזער, ווען זיין לעבען האָט זיך געהאַלטען ביים ענדיגען, ווען ער האָט שוין מעהר ניט געטראָגען אויף זיך דעם שטעמפּעל פון דעם ברעטאַנער און איז שוין מעהר ניט געווען דער תלמיד פון די דייטשען. — פראַנס איז פון סאַמע אָנפאַנג אָן געווען אַ פּאַריזער.

ליכט און לופט פון פּאַריז זיינען אורשפּרינגליך געווען זיין לעבענסלופט, דער גאָרטען פון לוקסעמבורג איז פאַר איהם גע־ווען פראַנקרייך׳ס נאַטור און די גאַס זיין ערציהונגס־אַנשטאַלט. אין לאַטיינישען קוואַרטאַל האָט ער אַלס קינד געזעהן, ווי די מיידלאַך טראָגען אַריין מילך און די אַרבייטער קויהלען צו זיך אין שטוב אַריין. ער איז אַ גרינדליכער קענער פון די פּאַריזער בעל־ מלאכה׳ס און קרעמער.

די פענסטער פון די פּאַפּיר־הענדלער האָבען מיט זייערע בילדער זיינע בליקען צו זיך צוגעשמידט, און זיין ערשטען אונ־טערריכט האָט ער באַקומען, בלעטערנדיג אין די קעסטלאַך פון די אָרעמע „וואַנדערנדע" בוכהענדלער ביי די ברעגען פון דער סעין.

ער אַליין איז געווען דער זוהן פון אַזאַ אָרעמען בוכהענד־לער, אָדער פיליייכט גאָר אַ משרת פון אַ ביכער־געשעפט. ער איז געבאָרען געוואָרען אין אַ בוכהאַנדלונג, ערצויגען געוואָרען צווי־שען אַלטע קלוגע ביכער, געהיימניספולע עראינערונגען וועגען אַ לעבען, וואָס האָט שוין מעהר ניט עקזיסטירט. דערפון האָט ער געלערנט, ווי שנעל דאָס לעבען געהט פאַרביי, ווי ווייניג

## אנאטאָל פראַנס

ס׳בלייבט איבער פון דער ארבייט פון א גאַנצען דור, און דאס האָט איהם אריינגעגעבען אַ היבש ביסעל טרויער, זאַנפּמוטיג־קייט און מיטלייד.

ס׳איז צו באַוואונדערען, וויפיעל קליינע ביכער־קראַמען ער האט באַשריבען, אין פּאַריז און אויסער פּאַריז, די ביכער אין זיי, די קונים און די געשפּרעכען, וואס ווערען דאַרט געפיהרט. זעהר אָפּט האט ער פּאַרבראַכט ביי די בראַווע וואַנדערנדע בוכ־הענדלער, ביי די ברעגען פון דער סעין, צוזעהענדיג זייער קלעג־ליכען לעבען, ווי זיי שטעהען אַפּ גאַנצע טעג אין קעלט און רע־גען, זעלטען ווען פאַרקויפענדיג וואָס עס איז.

מיר, פאַר ווענען קיינער פון די היינטיגע פראַנצויזען קומט ניט פאַר אַזוי פראַנצויזיש ווי אנאטאָל פראַנס — ווארים ער טראָגט אין זיך די גאַנצע טראַדיציע פון די מיטעלאַלטערליכע גאַוועליסטען פון פאַר מאָנטעין ביז וואָלטער׳ן — מיר וואונ־דערען זיך גאַר ניט וואס ער האט אנגענומען דעם נאָמען פון זיין פאָטערלאַנד אַנשטאָט זיין אייגענעם. אבער פּ ר אַ נ ס איז אויך געווען דער נאָמען פון זיין באַשיידענעם פאָטער — ער האט געהייסען פראַנס טהיבאָ. פאַר די פראָסטע מענשען אין דער גאַס, וואו ער וואוינט, אין דער „אַלעע ווילאַ סאַאיד“, איז ער ניט פראַנס. דער פראָסטער מענש רופט איהם מאַסיע אַנאַטאָל.

די לאַנגע גאַסען ביים ברעג פון דער סעין לעבען אימער ביי איהם אין זכרון. ערגעץ־וואו זאָגט ער: „איך בין ערצויגען געוואָרען אויף דיזען קעי צווישען ביכער פון עניוות׳דיגע און איינפאַכע מענשען, ווענען איך אַליין האָב נאָך אין זינען. אַז איך וועל שטאַרבען, וועט עס זיין, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען נאָר קיינמאַל אויף דער וועלט ניט געווען“.

אויף אַז אַנדער אַרט רופט ער אַז די דאָזיגע גאַסען ביים ברעג סעין דאָס אַדאָפּטירטע פּאָטערלאַנד פון אַלע מענשען מיט געדאַנקען און געשמאַק.

אויף א דריטען פּלאַץ זאגט ער: „איך בין ערצויגען גע־וואָרען ביי די ווענט אַרום דער סעין, וואו די אַלטע ביכער מי־שען זיך אוים מיט דער לאַנדשאַפט. איך בין געוועזען ענטציקט פון דער סעין . . . כ'האָב באַוואונדערט דעם טייך, וועלכער פלעגט בייטאָג אָפּשפּיגלען דעם הימעל און טראָגען שיפלאַך אויף זיך, און ביינאַכט זיך באַדעקען מיט עדעלשטיינער און מיט לייכטענדע בלומען".

א ביכער־פריינד איז ער געוועזען און א ביכער־פריינד איז ער געבליבען.

איינער פון די צינע, וועלכער מוז באַלד אין אנפאַנג ברייננגען די לעזער פון פראַנס'עס ווערק אין ערשטוינונג, איז די ליטע־ראַרישע בילדונג זיינע און די אַרט און ווייזע פון אַט דער בילדונג, וועלכע איז א זעלטענהייט ביי א ראָמאַנען־שרייבער און נאָוועַ־ליסט. מיר זיינען צווישען די פראַנצויזישע שריפטשטעלער גע־וואוינט צו זעהן ניט־געלערנטע, וועמעס בילדונג איז בלויז פראַנ־צויזיש; דאָן תלמידים פון דער נאָרמאַל־שולע, וועמעס בילדונג איז איינזייטיג קלאַסיש, און געלערנטע, וועמעס בילדונג איז אייראָפּעאיש. אבער פראַנס באַזיצט א רייכע פולע בילדונג, וואָס ער האָט זיך ערוואָרבען אין אַן אייראָפּאַ, פון וועלכער די גערמאַנישע פעלקער זיינען אויסגעשלאָסען. ער קען ניט קיין ענגליש און ניט קיין דייטש. דאָס איז דער הויפּט נעגענזאַץ צווישען זיינער און רענאַן'ס בילדונג. אבער אַט דער מאַנגעל פיהלט זיך ניט ביי איהם אַזוי ווי ביי אַנדערע.

רענאַן איז געוועזען א מזרח־לענדישער פילאָלאָג: די סעמי־טישע שפּראַכען זיינען געוועזען זיין פעלד; זיין גייסט האָט זיך גענעהרט אויף דייטשער וויסענשאַפט. אין וואָס פראַנס איז גוט באַהאַווענט, איז דאָס לייטיינישע און גריכישע אַלטערטום, אבער אויך די לאַטיינישע און איטאַליענישע ליטעראַטור פונ'ם מיטעלאַלטער. דאַריבער איז ער — אגב אורחא באַמערקט — אַזאַ הייסער פּאַרטיידיגער פון דער קלאַסישער שול־בילדונג.

„כ'האָב אַ שטאַרקע ליעבע", זאָגט ער ערגעץ וואו, „צו די לאַ־טיינישע למודים. אהן זיי איז די שעהנקייט פון דעם פראַנצוי־זישען זשעניע אויסגעשפּיעלט. מיר זיינען לאַטיינער. די מילך פון דער וועלפּין איז דער בעסטער טייל פון אונזער בלוט".

מיט וואָס ער האָט זיך הויפּטזעכליך גוט באַקענט, איז די קאַבינע צייט, ווען דאָס קריסטענטום האָט געקעמפּט מיט דעם היידענטום אין די אַלטע, פּאַרצייטיגע מוחות; אחוץ דעם די גאַנצע מאַסע קריסטליכע לעגענדען, וועלכע ער גיט איבער מיט טרייהאַרציגקייט און מיט אַ טיפער איראָניע. און ענדליך די איטאַליענישע און באַזונדערס די פראַנצויזישע געשיכטע פון דער פאַרגאַנגענהייט, פון צעזאַר'ס צייטען ביז צום 8טען יאָהר־הונדערט, וועמעס אַנפאַנג מען געפינט אין זיין „קעניגין פּעדאַק".

זעהר אָפט באַשעפטיגט זיך זיין קונסט מיט רעליגיעזע שטימונגען און רעליגיעזע צושטענדע. און דאָ איז דער היפּוך, דער געגענזאַץ צו רענאַן אַם שאַרפסטען. אין דער צייט וואָס רענאַן'ס געמיט איז כסדר רעליגיעז און זיינע אויסדריקע זיינען ריהרענד, איז פראַנס אין דער טיפעניש פון זיין נשמה אַזוי ניכטער ווי וואָלטער, בעת ער האָט צו טאָן מיט רעליגיעזע שטאָפען, ניט קוקענדיג אויף דער לפּנים'דיגער עהרפורכט, וועלכע ליגט אויף זיינע ווערטער.

צו די דאָזיגע בילדער פון דער פאַרגאַנגענהייט זיינען אויף זיין לעצטער ענטוויקלונגסשטופע צוגעקומען בילדער פון דעם היינטיגען פראַנקרייך, מיט פּאַרטרעטען פון פּערזאָנען, וועלכע זיינען ערשט ניט לאַנג געווען אויף דער טאָגעס־אָרדנונג, אַזוי ווי ווערלען אָדער עסטערהאַזי.

אָבער זיין דיכטערישע און פּערזענליכע פּאַרליעבע געהערט ניט דעם מאָדערנעם לעבען. איינמאָל, בעת ער האָט געצייגט אַ גאַסט זיין ביבליאָטעק און יענער האָט זיך שטאַרק געוואונ־דערט, וואָס זי איז אַזוי קליין און ס'זיינען גאָר ניטאָ דאָרט קיין מאָדערנע ביכער, האָט פראַנס געזאָגט:

— איך האָב ניט קיין מאָדערנע ביכער; די וואָס מען שיקט מיר צו, האַלט איך אויך ניט ביי מיר; כ'שיק זיי גלייך אַוועק צו אַ פריינד מיינעם אין דער פּראָווינץ. (דער פריינד אין דער פּראַווינץ האָט אודאי געמוזט זיין איינער פון יענע קליינע בוכ־הענדלער ביי דער סעין, וועלכע פראַנס קען אַזוי גוט).

— אָבער איהר ווילט זיך גאַרניט באַקענען מיט זיי און וויסען וואָס זיי שרייבען?

— מיט מיינע צייט־געגאָסען? ניין! דאָס וואָס זיי קענען מיר דערצעהלען, ווייס איך אַליין פּונקט אַזוי גוט ווי זיי. איך לערען מעהר פון פּעטראָניוס'ן *) איידער פון מאַנדעס'ן **).

דערפאַר איז פראַנס ניט מיט זיין פולען ווילען עטליכע יאָהר נאַכאַנאַנד געווען דער קריטיקער פון דער צייטונג „לע טאַן", וואו ער האָט אין אַ רייהע פון פעליטאָנען אַרומגערעדט די ווערק פון זיינע צייטגענאָסען. דאָך זיינען די פיער ביכער, אין וועלכע ער האָט צונויפגענומען די דאָזיגע אַרטיקלען זיינע, זעהר אינטערעסאַנט. פראַנס באַהויפּטעט דאָ פון אָנפאַנג ביז צו ענדע, אַז דער קריטיקער קען קיינמאָל ניט געבען קיין ריכ־טיגע, רעעלע, נאָר אַ פּערזענליכע קריטיק; אַז ער קען קיין אַנדער זאַך ניט פאָרשטעלען אויסער זיך אַליין, און דאָרום, ווען ער רעדט פון האָראַץ אָדער שעקספּיר, הייסט עס נור, אַז ביי דער געלעגענהייט פון פון האָראַץ און שעקספּיר רעדט ער פון זיך גופא.

פראַנס האָט אַלזאָ כסדר גערעדט פון זיך אַליין: „איך האָף, אַז בעת איך רייד פון מיר, וועט יעדער דיינקען וועגען זיך". אַלס קריטיקער פלעגט פראַנס אַרויסגעבען זיינע פּערזענליכע איינדריקע און געהן דערצעהלען מעשה'לאַך, דאָס רוב עראייג־ניסע פון זיין קינדהייט אָדער פון זיינע יונגע יאָהרען, וועלכע

*) אַ רוימישער דיכטער.

**) קאַטיל מאַנדעס, אַ מאָדערנער פראַנצויזישער שריפטשטעלער.

האבען געדינט צו באלייכטען און צו ערקלערען די איינדריקע זיינע. א קריטיקער אין שטרייגגערען זין פון ווארט איז ער ניט געווען, און אז זיינע ביכער האבען אנגעהויבען געפינען א גרעסערען אפזאץ, האט ער די קריטיק אין גאנצען אוועקגעווארפען. אבער דאך זיינען זיינע מיינונגען אין אט די פיער בענדער זעהר כאראקטעריסטיש פאר זיין פערזענליכקייט; זיי גיבען איבער דעם גייסט, איהר באגרענצונג און איהרע פאראורטיילען — פאראורטיילען, פון וועלכע ער האט זיך ביסלאכווייז באפרייט.

דער פריינד, וועמען פראנס האט געענטפערט: „איך האב ניט קיין מאדערנע ביכער ביי מיר אין הויז", האט מיט א שמייכעל געפרעגט: „אייערע אייגענע אויך ניט?" — „ניין," האט געענטפערט פראנס: „דאס וואס מען האט אליין געבויט, — און ווען עס זאל אפילו זיין א פאלאץ — איז איינעם אזוי גוט באקאנט, אז מען קען עס מעהר ניט אנזעהן. איך וואלט עס ניט אויסגעהאלטען, צו האבען מיינע ביכער ביי מיר אין די הענט. וואס טויגען זיי מיר?"

— כדי אויסצומיידען ווידערהאלונגען

— דערפאר ווידערהאל איך זיך טאקי שטענדיג, — האט פראנס געענטפערט.

דאס איז ליידער אמת — ס'איז איינע פון די ליעבלינגס־זינד פון דעם דאזיגען שריפטשטעלער. צו אפט קעהרט זיך ביי איהם אום דערזעלבער געדאנק כמעט מיט די זעלבע ווערטער; צייטענווייז ווידערהאלט ער זיך פון איין בוך צום אנדערען, בלאט פאר בלאט.

וואס פאר א טרייען פארטרעט פון זיך אליין פראנס האט געגעבען אין דער פערזאן פון דעם סקולפטאר אין דער „רויטער ליליע", וואס איז שייך צו זיין אויבענדערמאנטען ענטפער, קען מען זעהן, ווען מען פארגלייכט איהם מיט פאלגענדער שטעלע: מאדאם מארטען־בעלעם זאגט: „איך זעה ניט קיין איינע פון

דיינע אייגענע ארבייטען, ניט איין סטאטוע אדער איין איינצי־
גען ביוסט". — ער ענטפערט: „ווי פאלט דיר איין צו דענקען,
אז דאס וואלט מיר פארשאפט פארגעניגען צו לעבען צווישען
מיינע אייגענע ווערק? די קען איך שוין צו גוט . . . זיי לאנג־
ווייל‎ען מיך" . . .

אז דער בילדשניצער דערשארט איז בלויז א מאסקע
פאר פראנס'ן. ווערט כמעט צוגעגעבען דורך דער פארטזעצונג:
„אויב איך האב אפילו געמאכט א פאר שלעכטע פיגורען, בין
איך דאך ניט קיין סקולפטאר. גיכער בין איך א שטיק פון א
פאעט און פילאזאף".

* * *

פראנס'עס ליטעראריש לעבען טיילט זיך נאך א משך פון
פופצעהן יאהר אין צוויי טיילען; אין יעדען איינעם פון דיזע
טיילען טרעט ער אויף אזוי פארשיידען, אז מען וואלט געקענט
זאגען, ס'זיינען פאראן צוויי פראנסעס.

אין ערשטען טייל איז ער דער פיינער איראניקער, וואס
הויבט זיך אויף הויך איבער דער מענשען־מאסע און מיט אן
איבערלייגטען רחמנות'דיגען שמייכעל קוקט ער זיך צו צו איהר־
רע שטרעבונגען און צו איהרע קעמפע. — אין א צווייטען טייל
ווייזט ער זיך ארוים אלס קעמפער. ניט נור איז ער אן אנ־
הייגער און נעמט אנטייל אין קאמף, נאר מיט זיין אויפטרע־
טען באשטעטיגט ער דעם גלויבען גראד אין דעם, איבער וואס
ער האט זיך פריהער געוויצעלט און וואס ער האט אויסגעלאכט:
דעם פאלק'ס געזונטען אינסטינקט, די באדייטונג פון דער מער־
הייט, די שטייגענדע ווירקליכקייט פון דעם פראגרעס, יא, דעם
גלויבען אין די לעהרען, וועלכע ער האט זיך אלס דיינקער ענט־
זאגט אנצונעמען, — די טעאריע פון דער דעמאקראטיע, דעם
סאציאליזם אלס לעהרע.

אז א פריינד האט איהם אמאל אין העפליכע אבער באַ־
שטימטע ווערטער פארגעווארפען די דאזיגע האלטונג זיינע און

איהם געזאָגט, אַז דאָס איז גאָר ניט אַזוי עהרליך, האָט פראַנס געענטפערט מיט דער פראַגע: „קענט איהר וואָס פאַר עס איז אַנדער מאַכט, איידער די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וואָס זאָל קענען אויפנעמען דעם קאַמף געגען דער קירכען־געוואַלט פאַר־אייניגט מיט'ן נאַציאָנאַליזם?“

ער האָט פון דער טעאָרעטישער פראַגע געמאַכט אַ פּראַק־טישע.

אַז דער פריינד האָט באַמערקט, אַז ער האָט זיך אין אַז עהנליכען פאַל אַנגעשלאָסען אַן אַ פּאַרטיי און איהר פּראַקטיש מיטגעהאָלפען, אָבער אין דער זעלבער צייט ניט צוגעשטאַנען צו איהר לעהרע, האָט זיך פראַנס מיט אַ שמייכעל אומגעדרייט צו עטליכע יונגע מיידלאך און געזאָגט: „ס'אַרא מענש דאָס איז! צו עהרליך און איינגעשפּאַרט ווי אַ רויטער עזעל!“

אין דער גרעסערער העלפט פון זיין לעבען איז פראַנס גאָר אָהן שום ספק געווען אייניג מיט זיין גלח קוואַניאַר, וועלכער פיהלט אַ מין צערטליכע פאַראַכטונג צו די מענשען, און וועלכער וואָלט זיך ניט אונטערגעשריבען אויף דער ערקלערונג פון די מענשענרעכטע, ניט אויף קיין איינציגער שורה אפילו — „מחמת דעם שאַרפען און אומגערעכטען חילוק, וואָס ווערט דאָרט גע־מאַכט צווישען דעם מענשען און דעם גאָרילאַ“. ער האָט זיך דאַמאָלס — אַקוראַט ווי קוואַניאַר — געהאַלטען הויפּטזעכליך ביי דעם גלויבען, אַז די מענשען זיינען בייזע, רשעות'דיגע חיות, וועלכע מען קען בלויז מיט מאַכט אָדער ביטראַסט האַלטען אין צוואַנג.

נאָך פיעל יאָהרען שפּעטער, ווען ער האָט זיך שוין ער־קלערט אַלס דעמאָקראַט, גיט ער זיין העלד בערזשערע אין מויל אַריין פאָלגענדע ווערטער, וועלכע ער זאָגט צו זיין הונט: „דו ווייסט ניט, אַז דאָס, וואָס הויבט אויף די פעלקער און ברייננגט זיי כבוד און גדולה, באַשטעהט ניט אין די נאַרישע קולות, וועלכע קלינגען אָפּ אויף די גרויסע, עפענטליכע פּלעצער, נאָר

## אנאטאל פראנס

אין דעם שטילען געדאנק, וועלכער ווערט געבוירען אין א דאך־שטוב און אין איין שעהנעם טאג גיט ער דער ערד א גאנץ אנדער פנים" — בערזשערע דריקט זיך אויך אויס זעהר אונ־דעמאקראטיש, זאגענדיג: „די וויסענשאפט איז דער העכסטער הערשער, ניט דאס פאלק. א דומהייט. וואס ווערט ווידערהאלט פון 36 מיליאן מיילער, הערט פון דעסטוועגען ניט אויף צו זיין א דומהייט".

מיט די דאזיגע געדאנקען קען מען באטראכט ווערען אלס אנהייננגער פון ביידע לאגערען, דעם ראדיקאלען אזוי גוט ווי דעם קאנסערוואטיווען, אומגעפעהר ווי איבסען איז עס געווען א לאנגע צייט אין די צפון־לענדער. פראנס איז פארקניפט גע־ווען מיט דער קאנסערוואטיווער פארטיי. נאך מיט א קורצער צייט צוריק, 1897, איז ער געווען דער קאנדידאט פאר דער אקאדעמיע, וועמען די קאנסערוואטיווע פארטיי, די גראפען, האבען ארויסגעשטעלט אנטקעגען דעם שריפטשטעלער פערדי־נאנד פאבר, וועלכער איז געווען פארהאסט ביי דער קירכע.

מיט זיין געפיהל פאר מעסיגונג און טאקט האט ער דאמאלט פארהאסט זיין שפעטערען קאמפס־גענאסע זאלא, און פארהאסט האט ער איהם, פארשטעהט זיך, גאר אהן מעסיגונג. „איך בין איהם ניט מקנא פאר זיין עקעלהאפטען נאמען", האט ער דאן געשריבען וועגען זאלא'ן. „נאך קיינמאל האט זיך א מענש ניט געסטארעט אויף אזא'ן אופן צו ערנידעריגען די מענשהייט און צו פארלייקענען אלעס וואס איז גוט און גערעכט. נאך קיינמאל האט ווער עס איז אין דעם גראד ניט פארלייקענט דעם אידעאל פון דער מענשהייט".

אין אט די ווערטער איז געלעגען מעהר ליעבע צום גוטען גע־שמאק, איידער א געפיהל פאר זשעני. מען מוז צוגעבען, אז פראנס האט שפעטער תשובה געטאן פאר דיזע און פיעל עהנליכע אויסדריקע, צווישען אנדערעס אין דער שעהנער און ווארעמער

רעדע, וואס ער האט געהאלטען אויף זאלא'ס קבר, אבער אויך א היבשע צייט פאר זיין טויט.

און פונקט ווי ער האט יאהרען־לאנג, צוליעב די געשמאק־לאזינקייט און די גוזמאות, פארזעהן דעם זשעני פון דעם מאן, וועלכער האט געזאלט ווערען דער בעסטער מיטקעמפער זיינער, אזוי האט ער מיט אביסעל איבערטרייבונג פארהערליכט די מע־נער, וועמען ער איז געצוואונגען געווארען צו באקעמפען אויף לעבען און טויט, און וועמעס באגרענצונג און שוואכע זייטען ער האט שפעטער געהאט א געלעגענהייט צו דערקענען.

מיט פולער ערנסטקייט האט ער געשריבען: „איך מיין, אז מען האט קיינמאל ניט געקענט זיין אינטעליגענטער, איידער פאל בורזשע און זשול לעמעטר זיינען היינט."

ער האט דאמאלט ניט געהאט קיין באגריף פון בורזשע'ס שרעקען זיך פאר'ן גיהנום, פון לעמעטר'ס מאנגעל אין אינער־ליכען גלייכגעוויכט. וועגען דעם דאזיגען שפעטערדיגען פאנא־טיקער פון דעם נאציאנאליזם האט ער אפגעגעבען פאלגענדע מיינונג: „ער איז איינער פון די מענשען, וואס ווינשען קיי־נעם קיין שלעכטס ניט, נאר זיינען געדולדיג און פריינדליך. ער איז א מוטיגער פארשטאנד אהן אירגענד וועלכע מורא, א שמייכ־לענדע נשמה, הוילע איינזעהעניש".

שוין בעת דאס דאזיגע איז געשריבען געווארען, איז לע־מעטר געווען רשעות'דיג און קליינליך, אויב פילייכט נאך ניט נידעריג. אין עטליכע יאהר ארום איז ער געשטאנען, אלס וויצע־פרעזידענט פון דער „פאטרי פראנסעז", אן דער שפיצע פון דער באנדע, וועלכע האט געהאלטען דרייפוס'ן אויף טייפעלס־אינזעל און געפריידיגט דעם שטאאטס־שטרייך געגען לובע'ן. עטליכע יאהר שפעטער האט זיך פאל בורזשע אומגעקעהרט צוריק אין שויס פון דער קאטוילישער קירכע און איז אנגעפאלען מיט דער ביטערסטער געוואלטזאמקייט אויף יעטווידער מאדערנער שטרע־בונג, זאגאר אויף פאלקס־אויפקלערונג. אויף דער גייסטיגער

ענטוויקלונג פון די ארבייטער. דאס זיינען געווען פראנס'עס אינטעליגענץ־העלדען.

אין פארגלייך מיט דער האלטונג פון דיזע מענער קען פראנס'עס האלטונג אין די לעצטע יאהרען פון דעם דרייפוס־פראצעס כמעט באטראכט ווערען אלס הערליך.

ס'קען זיין, אז אלס פאלקסרעדנער — אז ארבייט, צו וועל־כער ער איז פון דער נאטור ניט געווען צוגעפאסט — האט ער זיך אויסגעשפראכען אביסעל באשטימטער און גלויביגער, איידער ס'האט זיך איהם געפיהלט אין דער טיפסטער אינער־ליכקייט פון זיין נשמה. דערפון איז אבער ניט געדרונגען, אז דאס, וואס האט זיך דורכגעבראכען ביי איהם אין משך פון א צעהנדליג יאהרען, איז ניט געווען דער אויסדרוק פון זיין איי־גענעם איך, וואו ס'איז געלעגען פארבארגען הינטער דעם גע־דאנקען־שפיעל פון דעם גריבלער און די זעלבסט־פארוואנדלונ־גען פון דעם דיכטער.

מיט אמאל האט ער אפגעשאקעלט יעטווידען צווייפעל פון זיך און איז געבליבען שטעהן, מיט וואלטער'ס אלטער קלינג בליצענדיג אין דער האנט, אקוראט ווי ע ר אונבאשטרייטבאר דורך זיין וויץ, פונקט ווי ע ר דער מורא'דיגער שונא פון יעט־ווידער קירכען־מאכט, אקוראט ווי ע ר דער פארטיידיגער פון אומשולדיגקייט. נאר ער איז נאך געגאנגען ווייטער פון וואל־טער'ן, און האט זיך ארויסגעגעבען אלס פריינד פון די ארעמע אין דעם גרויס־פאליטישען קאמף.

דאס וואס דער דאזיגער דורכברוך איז נעקומען, איז אהן שום ספק געווען א רעזולטאט דערפון, וואס איהם האט זיך אויס־געוויזען, אז פראנקרייך'ס גאנצע קולטור, איהר אלטע שטעלונג אלס די היים פון דער גערעכטיגקייט, שטעהט אין געפאהר; אבער אהן אז אנשטויס פון דרויסען וואלט דער דורכברוך פיליכט ניט געקומען. מעהר איידער אימיצער אנדערש האט דא אפשר מיטגעווירקט פראנס'עס א פריינדין, אין וועמעס הויז ער איז

**יאָהרענלאַנג געווען דער ליעבסטער טעגליכער נאַסט און וואו ער** האָט זיין צווייטע היים.

פראַנס האָט לאַנג ניט געטראַכט און אַרויפגעלייגט זיין נאָמען אויפ'ן וואַגשאַל, ווען אין פראַנקרייך האָבען זיך צוויי לאַגערען פאַרמאָסטען אין די כוחות; פון איין זייט אַ הייפעלע אויסערוועהלטע מענער און פון דער אַנדער זייט די אַרמעע, די קירכע, די הערשענדע קלאַסען און די פאַרפיהרטע מאַסע.

אין זיין אייגענשאַפט אַלס קעמפער האָט פראַנס אָנגעשריבען די צוויי לעצטע בענד פון זיין „מאָדערנער געשיכטע“, אַרויסגעגעבען זיינע רעדעס אין דעם „קאָהיע דע לאַ קענזען“. גערעט ביי דער אויפדעקונג פון רענאַן'ס סטאַטוע און אויף זאָלאַ'ס קבר און אָנגעשריבען זיין פאָרוואָרט צו די געזאַמעלטע רעדען פון דעם געוועזענעם פרעמיער, עמיל קאָמב.

2.

פראַנס האָט צייטענווייז זיך אַליין פאַרגעשטעלט אין זיינע ביכער. ער נעמט דאָס צוריקגעהאַלטענע און קלוגע אין זיין ווע־זען און מאַכט דערפון דעם הערר בערזשערע. ער נעמט דעם רוהיגען ציניזם אין זיין וועזען און מאַכט דערפון דעם דאָקטאָר טרובלע אין זיין „קאָמישע געשיכטע". ער נעמט זיין ליידענ־שאַפטליך שעהנהייטס־ליעבענדען איך און מאַכט דערפון דעם סקולפּטאָר דעשאַרטר אין דער „רויטער ליליע". ער שטעלט זיך אין דעמזעלבען ראָמאַן פאַר כמעט אונטער זיין אייגענעם נאָמען אַלס דעם שריפטשטעלער פּאָל וואַנס — פאַרשטעהט זיך, כדי מען זאָל ניט מערקען, אַז פראַנס איז אַ חוץ דעם אויך די הויפּט־פּערזאָן, דער סקולפּטאָר.

אַז וואַנס ווערט אַריינגעפיהרט צו דער העלדין, הייסט עס: „זי האָט געהאַלטען פּאָל וואַנס פאַר דעם איינציגען ווירקליך באַגאַבטען מאַן, וואָס איז אַריינגעקומען צו איהר אין הויז. זי האָט איהם נאָך געשעצט, איידער זיינע ביכער האָבען איהם געמאַכט אַזאַ גרויסען נאָמען. זי האָט נעלייגט אַ גרויסען ווערט אויף זיין טיפע איראָניע, אויף זיין פיין־פיהלענדען שטאָלץ, אויף זיין טאַלאַנט, וועלכער איז רייף געוואָרען אין דער איינ־זאַמקייט".

און פּאָל וואַנס איז אויך אַזוי ווייט פראַנס גופא, אַז ביים שלום פונ'ם בוך, ווען ער זאָגט: „דער מאַן איז געווען קלוג, וועלכער האָט געשריבען: לאָמיר געבען די מענשען איראָניע און מיטלייד אַלס עדות און ריכטער", ענטפערט מאַדאַם מאַר־טען־בעלעם: „אָבער, הערר וואַנס, דאָס האָט איהר דאָך אַליין

נעשריבען". — און אַזעלכע שטעלען געפינט איהר אין אַ סך ערטער אין פראַנס'עס ביכער.

אַ טיפע איראָניע איז אַלזאָ די ערשטע אייגענשאַפט, וואָס ער שרייבט זיך אַליין צו.

מיר האָבען געזעהן, ווי אַזוי די דאָזיגע איראָניע, פאַרשיידען פון רענאַן'ס בלישטשעט נור דורך דורך דער נאַאיוויטעט פון אַן אַנדער פערזאָן.

אין „טהאאיס", למשל, ווערט די העלדין, אַ גריכישע זונה, געשילדערט אויף אַזאַ אופן: „אַט די פרוי האָט זיך ארויסגע־ציינט ביי פאַרשיידענע פעסט־שפּיעלען און האָט זיך ניט גע־שעהמט אויפצוטרעטען אַלס טענצערקע אויף אַזאַ מין אַרט און וויַיזע, אַז איהרע ריהרעוודיגע און קינסטליכע באַוועגונגען האָ־בען דערמאָנט אַן די שרעקליכע תאוות און אויפגערייצט צו זיי"

— דאָס איז געפיהלט און געזאָגט פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַ מאָנאָך.

און טאַקי דאָרט גופא זעהט פאַפנוציוס, ווי דער טייוועל מאַטערט נשמות. אין ערגעץ דייטעט דער ערצעהלער ניט אַן קיין שום צווייפעל אָדער אומגלויבען, אין ערגעץ שטעהט ניט, אַז דאָס איז בלויז פאַנטאַזיע, ניט ווירקליכקייט. אדרבה: „קליינע גרינע טייוואַלים האָבען איהם דורכגעבויערט די ליפּען און דעם האַלז מיט גליהענדען אייזען."

די דאָזיגע נאַאיוויטעט איז אַ זעלטענע אייגענשאַפט אין דער פראַנצויזישער ליטעראַטור. די קונסט פון די פראַנ־צויזען איז (ניט קוקענדיג אויף לאַפאָנטען) בכלל ניט נאַאיוו, נאָר פאַלשטענדיג באַוואוסט, שוין ביי מ אָ ל י ע ר ' ן און אין זיין גאַנצען יאָהרהונדערט, אַזוי ווי אין דעם יאָההונדערט וואָס נאָך איהם. דאָך איז די נאַאיוויטעט אַ געוואַלדיגעס מי־טעל צו שאַפען די קינסטלערישע ווירקונגען, מחמת די ווירקונג, וואָס קומט ניט דירעקט, נאָר אויף אומוועגען, און וועלכע פאַר־כאַפּט אויך דעם לעזער'ס אייגענע מיטאַרבייט, איז שטאַרקער,

איידער די דירעקטע מיטטיילונג, וועלכע גיט ניט דעם פאַר־
שטאַנד דעם מינדעסטען שטוים ווייטער.

דאָרט וואו פראַנס טרעט אויף פאַר אונז אַלס היסטאָרישער
ערצעהלער, רעט ער טרייהאַרציג, פונקט ווי אַ צייט־גענאָסע
וואָלט גערעדט און געדענקט. דאָס שפירט מען אַם בעסטען
אין „קליאָ“, וואו ער גיט זיך איבעראַל אָפּ מיט גלויבען און
אַבערגלויבען, מיט פאָרשטעלונגען און פאָראורטיילען פון דער
פאַרגאַנגענהייט. עס הייסט, למשל, פון דעם אַלטען גריכישען
פּאָעט, וועלכער דאַרף אונז אייגענטליך געבען אַ באַגריף מכח
האָמער'ן: „אַזוי ווי ער איז געווען אַ גוטער דיכטער, זיינען
זיינע פערזען אין יעדער הינזיכט געווען גלייך צו די פערזען
פון זיינע זיידעס און עלטער־זיידעס“. אין די לידער פון דער
פאַרגאַנגענהייט האָט ער איינגעפלאָכטען פערזען, וואָס ער האָט
אַליין געשריבען, אָבער ער האָט עס פאָרשטעלט און באַהאַלטען,
מורא האָבענדיג, אַז מען קען נאָך אויף איהם פאַראיבעל האָבען
דערפאַר. — פאַרינאַטאָ דעל אובערטי הויבט אויף דעם בירגער־
קריג איבער אַלע אַנדערע מלחמות. „ער איז“, זאָגט ער, „שעהן
און גרויסאַרטיג. דער קריג מיט'ן אויסלאַנד קען זיין ניצליך,
אָבער ער ברייננגט ווייניג עהרע“. דער אַנפיהרער פון דער רוימי־
שער קאַוואַלעריע אונטער צעזאַר'ן געפינט פאַר ריכטיג און
פאַרנינפטיג, צו ערמאָרדען דעם הויפּטמאַן קאַם, וואָרים ער איז
דאָך ניט מעהר ווי אַ באַרבאַר. דעריבער לאָדעט ער איהם
פריינדליך איין צו זיך. — דער דיכטער גיט אין ערגעץ ניט צו
מערקען מיט קיין שום מינע, אַז ער איז ניט איינפאַרשטאַנען
מיט די העלדען זיינע.

ס'איז צו באַמערקען, אַז די דאָזיגע טרייהאַרציגקייט, אַט
די נאַאיוויטעט, איז אויך צו געפינען אין די לעבעדיגסטע גע־
שטאַלטען, וואָס פראַנס האָט געשאַפען. דער נעכסטער כאַראַק־
טער־צוג אין זיי איז געוויינליך אַ שטאַרקע און צייטענווייז זעהר
אונפאַרשעהמטע תאוה, נעגען וועלכער פראַנס האָט ווינציג וואָס

איינצעווענדען און ער איז פשוט ענטציקט, בעת ער שטעלט זי פאַר.

נעמען מיר, למשל, דעם גלח קוואַניאַר אין דער „קעניגין פּעדאָק“, אַ בליץ־געשייטער קאָפּ, אַ קינדערשע נשמה, אַן אומ־פאַרשעהמטער קערפּער. אָדער נעמט שולעט אין דער „רויטער ליליע“, גענישאַל, קינדעריש, געזונקען, אומפאַרשעהמט. ביי די אַלע געפינט איהר אַ מישונג פון נאַאיוויטעט און ציניש׳ע תאוות, די אומפאַרשעמטקייט אַלס האַלב־קינדעריש.

דער גלח קוואַניאַר גראַבט אונטער מיט זיין צווייפעל די יסודות פון אַלע אַנגענומענע און אַנערקענטע מנהגים, און ער פיהרט אַ זעהר אויסגעלאַסענעם לעבען, האַלט זיך אָבער פעסט ביי דער קאַטוילישער רעליגיאָן. נאָך קינדערשער פון איהם איז זיין תלמיד טורנעבראַש. שולעט איז דער אַלטער רואינירטער ציגיינער, אייביג יונג אַלס דיכטער, אין גאַנצען חרוב פון שכרות און מיטלייד מיט די אָרעמע און קליינע, ווי עס הייסט פון קוואַניאַר: „האַלב אַזוי פרום ווי אַ פראַנצעסקאַ פון אַסיזי, האַלב אַן אַפּיקורס, אַ גרויס, גלויביג, אומפאַרשעהמט קינד“.

אַט די פאַראייניגונג פון נאַאיוויטעט און ציניזם איז דאָס צו פאַרדאַנקען וואָס דער הונט „ריקע“ ווערט איינער פון פראַנס׳־עס אויסגעצייכענטע כאַראַקטערע. קיין מאָן איז דאָך ניט אַזוי ציניש ווי אַ הונט, און קיין קינד קינדערשער.

ס׳קומט איהם אַן שווער, זיך אריינצולעבען אין הערר בור־זשערע׳ס אַנשויאונגען. ער פאַלט אַן אויף דעם בראַווען סטאָ־ליער נור דערפאַר וואָס ער געהט אין אַ פראַסטער בלוזע און טראָגט די געצייג אין די הענט; ער איז דורכגעדרונגען פון אַלע אַלטע פאַראורטיילען פון פאַרצייטען.

נאָר די „געדאַנקען“ זיינע זיינען אַ קליין מייסטערווערק פון הינטישער אומשולד און גוט צוזאַמענגעפרעסטער איראָניע. אַט זיינען עטליכע ביישפּיעלען:

„מענשען, חיות און שטיינער וואַקסען אַלץ מעהר, וואָס נעהנטער זיי

# אַנאַטאָל פראַנס

קומען צו מיר, און זיי ווערען אונגעהייער גרויס, ווען זיי זיינען מיר פאַר דער נאַז, איך ניט. איך בלייב דיזעלבע גרויס, וואו איך זאָל ניט זיין.

„דער ריח פון הינט איז א זיסער ריח.

„מיין בעל הבית האַלט מיך ווארם, ווען איך ליעג הינטער איהם אין זיין לעהן־שטוהל. דאס קומט דערפון, וואס ער איז אַ גאָט. לעבען קאַמין איז אויף פאראן אַ ווארימער ברוק־שטיין. דער דאָזיגער ברוק־שטיין איז געטליך.

„איך רייד ווען איך וויל. אויף פון מיין בעל הבית'ס מויל קומען ארויס קלאַנגען, וואס האבען אַ געוויסען זין. אבער דיזער זין איז ניט אַזוי דייטליך ווי דער, וואס איך דריק אויס מיט מיין שטימע. ביי מיר אין מויל האט אַלעס אַ זין. ביי מיין בעל הבית אין מויל איז פאַראן אַ סך פוסטער ליאַרם.

„פאראן ווענענער, וואס פערד שלעפּען אויף די גאסען. זיי זיינען שרעקליך. פאראן ווידער ווענענער, וועלכע לויפען פון זיך אַליין און סאַפּען שטאַרק. אויך זיי זיינען פול מיט פיינדשאַפט. מענשען אין טראַנטעס פאַרדיענען געהאַסט צו ווערען, אויך די, וואס טראַגען קערב אויף די קעפּ אדער וועלכע קאַטשען פעסער.

„איך קען אויך ניט ליידען די קליינע קינדער, וואס לויפען ארום איבער די גאַסען, יאָגען זיך און פּאַקען זיך איינע די אַנדערע, מאַכענדיג מורא'דיגע געוואַלדען.

„מחשבות'ן, כ'האב ליעב מיין בעל הבית בערזשערע, ווייל ער איז שטאַרק און שרעקליך.

„אַ טאַט, פאַר וועלכער מען קריגט שמיץ, איז אַ שלעכטע טאַט. אַ טאַט, פאַר וועלכער מען ווערט נעגלעט, איז אַ גוטע טאַט.

„ג ע ב ע ט . אַה, מיין הערר בערזשערע, דו נאַט פון פלייש און בלוט, כ'פאַרגעטער דיך. אַז דו ביסט בייז און שרעקליך, זיי געבענשט! זיי גע־בענשט, ווען דו ביסט גוט און פריינדליך! איך קריך דיר אונטער די פיס, כ'לעק דיר די הענט! דו ביסט זעהר גרויס און זעהר שעהן, ווען דו פאַר־שלינגסט די אונגעהייער גרויסע שטיקער פלייש ביי דיין נעדעקטען טיש. דו ביסט זעהר גרויס און זעהן שעהן, ווען דו רופסט ארויס דעם פלאַם מיט אַ קליינטשינקען הילצערנעם שפּענדעל און מאַכסט די נאַכט צום טאָג. האַלט מיך ביי דיר אין הויז און לאָז קיין אַנדער הונט ניט אריין!"

דאַס איז אַ פּאַראָדיע, אַ שפּאַסהאַפטער וואונק אויף די פרומקייט און רעליגיעזע אונטערוואַרפענהייט פון די מענשען,

אויסנעפיהרט מיט דער גרעסטער גוטמוטיגקייט, און דאך זעהר שארף.

און אז הערר בערזשערע ווענדעט זיך אלזא צו דעם דאזיגען הונט, ווענדעט ער זיך צו דעם גאנצען צוריקגעבליבענעם טייל פון דער מענשהייט.

„אויך דו, ארימע, קליינע, שווארצע בריאה, וואס דו ביסט אזוי שוואך, ניט קוקענדיג אויף דיינע שפיציגע ציינער און אויף דיין טיעפען פיסק, אויך דו דיענסט די אויסערליכע גרויסקייט און די אוראלטע רעליגיאן פון דער אונגערעכטינקייט. אויך דו לאזט דיך פארפיהרען פון ליגען און באטרוג. אויך ביי דיר איז פאראן ראסענהאס.

„כ'ווייס גאנץ גוט, אז דו באזיצסט א דונקעלע גוטסקייט, קאליבאן'ס גוטסקייט. דו ביסט פרום, דו האסט זיך דיין טעאלאגיע און דיין מאראל. און דו קענסט נישט קיין בעסערעס דערפון. דו גיסט אכטונג אויפ'ן הויז און פארטיידיגסט עס, זאגאר געגען דעם, וועלכער איז זיין פארטיידיגער און זיין ציערונג. דער בעל מלאכה, וועמען דו האסט געוואלט פאריאגען פון דאנען, אט ווי איינפאך ער איז, האט ער פונדעסטוועגען אויסגעצייכענטע געדאנקען. דו האסט זיי נישט געהערט.

„דיינע האריגע אויערען הערען זיך ניט צו צו דעם, וואס רעדט אט בעסטען, נאר צו דעם וואס שרייט אויפ'ן העכסטען קול. און די מורא, די נאטירליכע מורא, וועלכע איז געווען די ראט־געבערין פון דיינע און מיינע אורעלטערען, בעת זיי האבען נאך געוואוינט אין די הייהלען, די מורא, וועלכע האט באשאפען די געטער און די פארברעכען, מאכט, דו זאלסט זיך אפקערען פון די אונגליקליכע און רויבט פון דיר אוועק יעטווידע רחמנות".—

די איראניע וואקסט און ווערט שטארקער, דערמיט וואס זי ווערט איינגעהילט אין דעם הונט'ס אומשולד. אזוי איז זי געוועהנליך ביי פראנס'ן פארוויקעלט. דאסזעלבע קומט אויך פאר אין זיין בוך „הערר בערזשערע", ווען ער דעקט אויף דעם געדאנקענגאנג פון זיינע געגנער אין צוויי פארגעלעזענע קאפיטלען פון א כלומר'שטען ווערק פון 1538טען יאהר, וואו פראנס האט אויף א מייסטערהאפטען אופן נאכגעמאכט די שפראך, דעם סטיל און דעם געדאנקענגאנג פון דעם 16טען יאהרהונדערט; „די שריפט איבער די טרובליאנס", די דעמאלדיגע נאציאנאליסטען.

פונקט ווי פראַנס'עס גייסטיגע אַנלאַגען דערמאָנען אי־בערהויפּט אַביסעל אַן וואָלטער אַלס ערצעהלער, אַזוי ליגט אויך אַביסעל פון וואָלטער'ס „קאַנדיד" הינטער זיינע העלדען און אין גייסט פון זיינע ראָמאַנען. אויך קאַנדיד איז געוועזן נאַאיוו. פראַנס האָט געהאַלטען אין איין לעזען וואָלטער און האָט זיך זעהר פיעל אָנגענומען פון איהם. אַזאַ מין וואָלטערישען זאַץ ווי דער, למשל: „דער גלויבען אין אונשטערבליכקייט און די באַנ־וויל־שטאָפען האָבען אַ גרויסען אָפּגאַנג אין אַפריקא", קלינגט אַקוראַט ווי פראַנס וואָלט איהם אָנגעשריבען. געוויס איז די נאַאיוויטעט ביי פראַנס'ן עכטער, וועהרענד די פאַרהעלטניסע פון דיביידע שריפטשטעלער, וואָס אַנבאַלאַנגט זייער גרויס־קייט, זיינען, פאַרשטעהט זיך, ווייט איינס פון אַנדערען.

* * *

די פיער בענד פון זיין „מאָדערנער געשיכטע", זיינען, אמת, ניט אַלע גלייך אין ווערטה, נאָר אַלס גאַנצעס איז דאָס זעהר אַ זעלטענעס ווערק פון געזונטער ערפאַרונג און הויכע איבערלע־גענהייט. די הויפּט־פּערזאָן, דער זאַנפטער און קלוגער הערר בערזשערע, שטעהט אַלס טיפּ ניט נידריגער פון די פּערזענ־ליכקייטען, אין וועלכע אַנדערע גרויסע פראַנצויזישע דיכטער האָבען זיך פאַרקערפּערט. ער איז אַ ווירדיגער ברודער פון אַזעלכע ראָמאַנען־העלדען ווי אַלסעסט, פיגאַראָ און מערקאַדע.

נאָך קינסטלערישער איידער די גרויסע ערצעהלונג פון עטליכע בענדער זיינען די מאָדערנע נאָוועלען זיינע, וועלכע זיי־נען פאַראייניגט אין דער זאַמלונג „קרענקעביל". די קליינע געשיכטע, נאָך וועלכער די זאַמלונג רופט זיך, ווערט דערצעהלט מיט מילדקייט, פּראַקטקייט, ביטערקייט און שאַרפקייט. די האַנדלונג איז אַזוי איינפאַך, אַז זי לאָזט זיך דערצעהלען אין עטליכע צייַלען. אַ בראַווער אַלטער מאַן, וועלכער האַנדעלט מיט גרינוואַרג אין די גאַסען, איז געבליבען שטעהן מיט זיין וועגעלע לעבען אַ קראָם אין אַ זעהר רוישיגער גאַס. אַ פרוי

האט בײ איהם געקויפט א ביגטעל גרינע ציבעלע און ער װארט אויף דאס געלט. א פאליציסט פאדערט איהם אויף צו געהן װײטער און ניט בלײבען שטעהן אויף אן ארט. „איך װארט אויף מײן געלט“, מורמעלט דער אלטער. נאר דער פאליציסט װידערהאלט א צװײטען מאל זײן אויפפאדערונג און אין א װײלע ארום א דריטען מאל. און גלײך נאכדעם װערט ער מלא רציחה פאר דעם אלטען׳ס „װידערשטאנד געגען דער פאליצײ“; ער ארעסטירט איהם, און אין געריכט װערט דער אלטער געמיזע־הענדלער באשולדיגט, אז ער האט זיך באנוצט געגען דער פאליצײ מיט דעם פאפולערען פראנצויזישען שימפ־װארט, װעלכען ער האט אין דער אמת׳ן איבער די ליפען ניט גע־בראכט. דער ריכטער, װעלכער גלויבט דעם פאליציסט גיכער אײדער דעם ארימען מאן, פאר׳משפט איהם צו 14 טאג געפענג־ניס און 50 פראנק שטראף.

אז ער קומט ארויס פון טורמע, געפינט ער, אז זײנע קונים האבען שוין אנגעהויבען אײנקויפען זײערע זאכען בײ אן אנ־דערען און זײ װילען פון איהם, דעם באשטראפטען, ניט װיסען. װאס װײטער זינקט ער אלץ מעהר אין ארימקײט און עלענד, ביז װאנען ער האט ענדליך קײן אנדער ברירה ניט, נאר צוגעהן צו א פאליציסט און איהם ארײנזאגען אין פנים ארײן דאס זעלבע שימפװארט, פאר װעלכען ער איז פריהער מיט אונרעכט באשטראפט געװארען. און טאן טוט ער עס, כדי צו האבען א שטיקעל דאך איבער׳ן קאפ — אין געפענגנים. דער פאליציסט אבער, װעלכער שטעהט מיט סטאאישער רוהיגקײט אין א גוס־רעגען, אנגעשפארט אן א שטאנג פון א לאמטערנע, קוקט זיך ניט אום אויף דער באלײדיגונג און ריהרט זיך ניט פון ארט, אזוי אז זאגאר די לעצטע האפנונג פון דעם ארימען אל־טען בלײבט אונערפילט.

אויב „קרענקעביל“ איז ריהרענד, איז די װײטערדיגע קלײנע ערצעהלונג „פיטוא“ אזוי װיציג װי טיפזיניג.

# אַנאַטאָל פראַנס

„לוסיען“, זאָגט פרייליין זאַע צו איהר ברודער, הערר בער־זשערע, „דו געדענקסט נאָך פּיטוא׳ן ?“

„צי איך געדענק פּיטוא׳ן !... פון אַלע פיגורען פון אונזערע קינדערשע יאָהרען איז פּיטוא׳ס געשטאַלט געבליבען איינגע־קריצט ביי מיר אין זכרון. ער האָט געהאַט אַ שפּיציגען שאַר־בען...“

„אַ נידעריגען שטערן“, לעגט צו פרייליין זאַע

און ברודער און שוועסטער רעכענען אויס מיט אַ מאָנאָטאָ־נער שטימע און מיט אַ מאָדנער ערנסטקייט כסדר, איינעם נאָכ׳ן אנדערן, פּיטוא׳ס פרידמעטעס:

„אַ נידעריגען שטערן — גלעזערנע אויגען. — אַ גנב׳ישען קוק. — מיט אַ בראָדיוועקע אויפ׳ן שלייף. — די אויבערבאַקען שפּיציג, רויט און גלאַנציג. — מאָגער, אַביסעל הויקערדיג, שוואַך אין אויסזעהן... — אין דער ווירקליכקייט אָבער איז ער געווען זעהר שטאַרק. — ער פלעגט לייכט צונויפבויגען אַ פינף־פראַנק־שטיק צווישען דעם לאַנגען און גראָבען פינגער... — וועל־כער איז ביי איהם געווען געוואַלדיג גרויס.“

און פּיעלע אַנדערע איינצעלהייטען.

הערר בערזשערע׳ס טאָכטער, פּאולין, פרעגט: „וואָס איז ער דאָס געווען אַזוינס, אָט דער פּיטוא ?“ און דער פאָטער דער־צעהלט איהר, אַז פּיטוא איז געווען אַ גערטנער, אַ זוהן פון אנשטענדיגע בויערען; אַז ער האָט זיך באַזעצט אין סענט־אָמער אַלס פּרוכט־גערטנער, נאָר ער האָט ניט צופרידענגעשטעלט זיינע קונים און דעריבער געמאַכט שלעכטע געשעפטען, האָט ער אַוועקגעוואָרפען דעם מסחר און איז געגאַנגען אַרבייטען אויפ׳ן טאָג. אָבער די וואָס האָבען איהם באַשעפטיגט זיינען ניט אימער געווען צופרידען פון איהם; זיין כאַראַקטער איז ניט געווען אַם בעסטען... אַז דער אַלטער בערזשערע פלעגט אַמאָל ניט געפינען אויפ׳ן שרייב־טיש זיין טינטער, אָדער זיין

שערעל, פלעגט ער זאָגען. „כ׳האָב מורא, אַז פּיטוא איז דאַ געוועז“.

„דאָס איז אַלעס?“ פרעגט פּאולין.

„ניין, מיין קינד, דאָס איז ניט אַלעס. דאָס מערקווירדיגסטע מיט פּיטוא׳ן איז געוועזן דאָס, וואָס ער איז אונז, דוכט זיך, געוועזן באַקאַנט, גוט באַקאַנט, און דאָך...“

„האָט ער ניט עקזיסטירט“, האָט געזאָגט זאָע.

„וואָס איז דאָס פאַר אַ וואָרט, זאָע!“ האָט אויסגערופען הערר בערזשערע. „פּיטואַ האָט ניט עקזיסטירט. וואַגסט דו עס צו זאָגען, זאָע? וואָלסט דו עס געקענט דערווייזען? ציהאָסט דו פּאָרט גענוג געקלערט וועגען די באַדינגונגען פון דער עקזיסטענץ און די אַרט און ווייזע פון זיין?“

און דאַן ערקלערט הערר בערזשערע זיין טאָכטער, אַז בעת פּיטוא איז געבוירען געוואָרען איז ער שוין געוועזן אַ דערוואַקסענער מענש, דאַן ווען ער אַליין און זיין שוועסטער זיינען נאָך געוועזן קליינע קינדער. די בערזשערעס האָבען געוואוינט אין אַ קליין הייזעל אין אַ פאָרשטאָט פון סענט־אָמער. אַ שטיקעל צייט האָבען זיי דאָרט געפיהרט אַ רוהיג און צוריקגעצויגען לעבען, ביז זיי זיינען איינמאָל אויסגעפונען געוואָרען פון אן אַלטער דאַמע מיט׳ן נאָמען מאַדאַם קאָרנויע, דער מאַדאַם בערזשערע׳ס אַן עלטער־מוהמע. זי האָט געהאַט אַן אייגען הויז אין יענער געגענד. נו, האָט זי זיך אַלס קרובה צוגעטשעפּעט צו די בערזשערעס, אַז זיי מוזען יעדען זונטאַג אַרויסקומען צו איהר אויף נאַכטמאהל, ערקלערענדיג, אַז אַנשטענדיגע מענשען דאַרפען זונטאַג עסען אין פאַמיליע.

אַזוי ווי הערר בערזשערע האָט זיך געלאַנגווייליגט צום טויט פון אַט די אונטערהאַלטונגען, האָט ער ענדליך רעבעלירט, זיך אַנטזאָגט צו געהן און איבערגעלאָזען פאַר זיין פרוי די זאָרג אויסצוקלערען תירוצים, כדי זיך אויסצודרעהען פון די איינלאַדונגען. און אַזוי איז עס געקומען, אַז די מאַדאַם בערזשערע,

וועלכע האָט געוועהנליך קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט, האָט איין טאָג געענטפערט מאַדאַם קאַרנויע אויף איהר איינלאַדונג: „היינטיגע וואָך קענען מיר ניט קומען. דעם זונטאג ערווארט איך דעם גערטנער". — פּיטואַ האָט געקראָגען זיין ערשטע אייגענשאַפט.

ארויסקוקענדיג פון פענסטער אויף דאָס פיער־עקיגע שטיק ערד, האָט מאַדאַם קאַרנויע געפרעגט מיט ערשטוינונג, צי דאָס איז דער גאָרטען, וואו ער דאַרף דאָס ארבייטען, און ווען מען האָט איהר געענטפערט, אַז יאָ, האָט זי גאַנץ נאַטירליך באַמערקט, אַז ער וואָלט דאָך פּונקט אַזוי גוט געקענט ארבייטען אין אַ וואָכען־טאָג... און מאַדאַם בערזשערע האָט קיין ברירה ניט געהאַט און געמוזט ענטפערען, אַז דער מאַן קען קומען בלויז זונטאג, ווייל ער איז פאַרנומען די גאַנצע וואָך.

„ווי אַזוי רופט איהר איהם, מיין ליעבינקע, דעם גערטנער אייערען?" האָט מאַדאַם קאַרנויע געפרעגט. — „פּיטואַ", האָט מאַדאַם בערזשערע געענטפערט, גאָר אָהן איבערלעגונג. פון דעם מאָמענט וואָס ער האָט געקראָגען אַ נאָמען, האָט פּיטואַ אָנגעהויבען פיהרען אַ געוויסע סאָרט עקזיסטענץ. ווען די אַלטע מאַדאַם קאַרנויע האָט זיך נאָכגעפרעגט, וואו ער וואויגט, איז ער געוואָרען אַ מין וואַנדערענדער ארבייטער, אַ וואַגאַבונד אייגענטליך, אַזוי אַז צו זיין עקזיסטענץ און צו זיין נאָמען איז איהם איצט אויך צוגעקומען אַ טיטול, אַ כאַראַקטער־צייכנונג.

ווען מאַדאַם קאַרנויע באַשליסט, איהם צו נעמען ארבייטען ביי זיך ווערט פּיטואַ אומענטדעקבאַר; זי קען איהם ניט געפינען. זי פרעגט זיך נאָך ביי אַלע איהרע שכנים, פריינד און באַקאַנטע. די מעהרסטע פון זיי האָבען געדענקט, אַז זיי האָבען איהם געזעהן, אנדערע האָבען איהם זאָגאָר געקענט, נאָר זיי זיינען ניט געווען זיכער וואו ער איז אין דעם מאָמענט. דער רעגירונגס־קאָלעקטאָר, הערר בלעז, האָט דייטליך ערקלערט, אַז פּיטואַ האָט ביי איהם אין הויף געהאַקט האָלץ עטליכע טעג אין

דעם יאהר, ווען ס'האט זיך געוויזען דער קאמעט אויפ'ן הימעל...

דער טאג איז געקומען, ווען מאדאם קארנויע האט געקענט דערצעהלען די ברזשערעס אז זי אליין האט איהם געזעהן: א מאן פון א יאהר פופציג, א מאגערער, איינגעהויקערט, א וואגאבונד, מיט א שמוציגער בלוזע. זי האט א געשריי געטאן „פיטוא!" און ער האט זיך אומגעקוקט...

פון דעם טאג אן איז פיטוא אלץ מעהר און מעהר געווארען א ווירקליכקייט. ביי מאדאם קארנויע האט מען דערווייל ארויסגע'גנב'עט דריי קאווענעס פון גארטען. זי האט חושד געווען פיטוא'ן. דער „זשורנאל פון סענט־אמער" האט געדרוקט א באשרייבונג פון איהם, פון וועלכער ס'איז קענטיג געווען, אז ער האט געהאט א פנים פון א געוועהנליכען פארברעכער. דאן האט זיך געמאכט נאך א גנבה ביי מאדאם קארנויע אין הויז: מען האט איהר ארויסגענומען פון בופעט דריי זילבערנע לעפעלאך. זי האט דערקענט פיטוא'ס האנט. פון דאן אן איז ער געווארען דער טויט־שרעק פון'ם שטעטעל.

ווען מאדאם קארנויע געפינט אויס, אז איהר קעכין, גידיל, שוואנגערט, פאלט איהר איין, אז דאס איז פיטוא'ס ארבייט, אז דאס האט ער זי פארפיהרט, און דיזער חשד פארפעסטיגט זיך אין איהר, נאכדעם ווי זי שטעהט צו צו דער דינסט, וועלכע הערט ניט אויף צו וויינען, אבער ענטפערט ניט אויף קיינע פון די פראגען. אזוי ווי גידיל איז געווען זעהר א מיאוס'ע, מיט א בארד, האט זיך דאס שטעטעל פיין אמוזירט מיט דער געשיכטע. ביי די איינוואוינער פון סענט־אמער איז פיטוא געווען א שד. מען האט געזאגט אויף איהם, אז ער איז דער טאטע פון נאך פינף אדער זעקס אנדערע קינדער, וועלכע זיינען געבוירען געווארען דעם זעלבען יאהר, אונטער טרויעריגע אומשטענדען... אזוי האט פיטוא געקראגען א שם פאר א ווירקליכען מאנסטער.

קינדער האבען איהם איבעראל באמערקט. זיי פלעגען איהם זעהן פארבייגעהענדיג פארביי דער טיר אין דער פינסטער, אדער

קלעטערענדיג אויף דער וואנט פון גארטען. זאָ'ס פופען פלעגט ער אויסשמירען מיט טינט. ער פלעגט וואויען אויף די דעכער מיט די קעץ, פלעגט בילען מיט די הינט, ארומזשומזשען אין די שאפעס און נאכמאכען דעם געזאנג פון די שכורים אויף דער גאס.

הערר בערזשערע איז געווען פאראינטערעסירט אין איהם אלס א טיפ פון די מענשליכע אמונות, און אזוי ווי גאנץ סענט־אמער האט געגלויבט אין פיטוא'ס עקזיסטענץ, האט ער, אלס גוטער בירגער, ניט געוואלט טאָן קיין זאך צו צוטרייסלען זייער גלויבען.

מאדאם בערזשערע ווידער פלעגט זיך צייטענווייז מאכען פארווירפע וואס זי האט געבראכט פיטוא'ן אויף דער וועלט. ווארים נאך אלעמען איז פיטוא געבוירען געווארען פון א ליגען וואס זי האט געזאגט, פונקט ווי דער מורא'דיגער קאליבאן פון דעם דיכטער'ס אַ ליגען. דאך איז זי איין טאָג זאָגאר בלאס געווארען פאר שרעק, ווען די דינסט איז אריין צו איהר און זאגט איהר, אז א מאן וויל זי זעהן. ער דארף, זאגט ער, ריידען עפעס מיט דער מאדאם. „וואס פאר א מאן איז עס? — א מאן אין א בלוזע; ער זעהט אויס ווי א דארף־ארבייטער, — ער האט געזאגט ווי ער הייסט? — יא, מאדאם. — נו, ווי־זשע רופט מען איהם? — פיטוא. — ער האט אויך געזאגט, אז ער הייסט... — פיטוא? יא מאדאם, — וואס וויל ער? — ער האט עס מיר ניט געזאגט. ער וויל עס קיין אנדערען ניט זאגען, נור דער מאדאם. — געהט פרעגט איהם נאך אמאל.“

אז די דינסט איז אריין צוריק אין קיך, איז שוין פיטוא דארט ניט געווען. נאר פון יענעם טאָג אָן האט מאדאם בערזשערע אליין אנגעהויבען גלויבען, אז זי האט אפשר גאר קיין ליגען ניט געזאגט...

די געשיכטע איז טיעף און פיין. זי דרעהט זיך ארום דעם, וואס אן איינגעבילדעטעס לעבען הייסט אזוינס. אויף א מיטא־

לאַנישען אופן קומט פיטוא אויף דער וועלט, און ער ווירקט מיט דער קראַפט פון מיטהישע געשטאַלטען. קיינער קען ניט אָפּ־לייקענען די הערשאַפט פון מיטהישע וועזענס איבער דאָס געמיטה פון די מענשען און זייער ווירקונגס־קראַפט אין די מענשליכע זעלען. געטער און געטינס, גייסטער און הייליגע האָבען אריינ־גענאָסען האַפנונג און שרעק אין די הערצער, זיי האָבען זייערע מזבחות געהאַט, צו פאַרברעכען צוגערעדט, פון זיי זיינען ארויס־געקומען מנהגים און געזעצען. טויזענט יאָהר נאָכאַנאַנד איז די מענשליכע איינבילדונגס־קראַפט פול געווען מיט וואַלד־רוחות און שדים, מיט וועמען די סקולפּטאָרען און די מאַלער האָבען זיך בסדר באַשעפטיגט. דער טייוועל האָט זיך זיין פיעל־טויזענט יעהריגע געשיכטע, ער איז געווען מורא'דיג, וויציג, תמ'עוואַטע, גרויזאַם, ער האָט געפאָדערט מענשליכע קרבנות און איז ניט נאָר פאַרגעטערט געוואָרען פון צויבערער און מכשפות, נאָר ער האָט ביז אויף היינטיגען טאָג זיינע פריסטער געהאַט. פראַנס האָט אָבער ניט נאָר דעם טייוועל אין זינען, ער געהט א סך הע־כער ארויף.

און ער וויל אויף א וויציגען אופן ווארפען א ליכט ניט נור אויף דעם ווי אַזוי מיטאָלאָגישע, פאַבעלהאַפטע מעשה'לאַך ווע־רען געשאַפען און אויפגעהאַלטען, נאָר אויך אויף דער מענשלי־כער אורטיילס־קראַפט. ווען די מוהמע איז חושד מאַדאַם בער־זשערע, אז זי וויל באַהאַלטען דעם וואַנדערענדען גערטנער פאַר זיך און וויל פיטוא'ן נאָר ניט אָפּטרעטען פאַר אַנדערע, באַ־מערקט דער פאַרפאַסער מיט א שמייכעל, אַז א טייל געשיכטליכע אורטיילען, וועלכע זיינען אָנגענומען געוואָרען פון אַלע מענשען, זיינען פונקט אַזוי באַגרינדעט ווי יענע השערה איז געווען. דאָ, אַזוי ווי ערגיץ אַנדערש, באַהויפּטעט פראַנס, אז עס איז לעכער־ליך צו גלויבען אין דעם גערעכטען אורטייל פון דעם קומענדען דור.

ער האָט זיך אימער געוואונדערט, ווי אַזוי מאַדאַם ראָלאַנד

האָט געקענט אָפּעלירען צו דער אונפּאַרטייאישקייט פון די קו־מענדע דורות און האָט גאָר ניט באַרעכענט, אַז אויב די צייט־גענאָסען איהרע זיינען געווען רשעות'דיגע אַפּען, איז העכסט װאַרשיינליך, אַז די קינדער זייערע װעלען אויך זיין אַזעלכע רשעות'דיגע אַפּען, ווי זיי אַליין.

די וועלט־געשיכטע איז דאָס וועלט־געריכט, זאָגט שילער. ווער עס גלויבט, דער ווערט גליקליך. די שפּעטערדיגע דורות זיינען נאָר גערעכט אויף אַזוי ווייט, ווי די זאַך געהט זיי ניט אָן, און אַזוי ווי זיי קענען נאָר מיט די גרעסטע שוועריגקייט נעמען די טויטע אויפ'ן פאַרהער, און אַזוי ווי זיי באַשטעהן אַ חוץ דעם פון מעהר אָדער ווייניגער באַשריינקטע מענשען, אַרבייט זיך דאָס וועלט־געריכט אויך לויט דעם אויס. די געשיכטליכע גערעכטיגקייט איז אַ פּיטוא.

די באַריהמטהייט, די עהרע איז אַ פּיטוא, אַן איינגעבילדעטע בריאה אָהן לעבען, אָהן אַ ממשות, נאָך וועמען אַ מאַסע מענשען יאָגען זיך נאָך, און וועלכע ווערט צו גאַרנישט גראַד דאַן, ווען ס'האָט אייגענטליך געדאַרפט אריינטרעטען אין קראַפט. דאָס הייסט, נאָך זייער טויט.

איבעראַל איינגעבילדעטע, אַרטיפיציעלע עקזיסטענצען, וועלכע גיבען זיך אויס און ווערען אָנגענומען פאַר ווירקליכקייטען! ס'איז גאַרנישט נויטיג זיך אָפּצושטעלען ביי דער רע־ליגיאָן, וואו עס איז גרינג צו געפינען פּיטוא'ן; זיין גרויסער שאָטען פאַלט אויף דער גאַנצער טעאָלאָגיע. אָבער מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען אָן די אילוזיעס אין דער פּאָליטיק, אָן דער ראָלע פון די טיטלען אין דעם געזעלשאַפטליכען לעבען. אָדער מען דאַרף בלויז באַרעכענען, וואָס פאַר אַ פּלאַץ די איינגעביל־דעטע עקזיסטענצען פאַרנעמען ביי אונז אין די געפיהלען! מען וואָלט אויך געקענט צייכנען דאָס בילד פון דער געליעבטער, וואָס שאַפט זיך ביי'ם ליעבהאָבער אין דער פאַנטאַזיע אין דעם אויגענבליק וואָס ער זעהט פאַר זיך אַלע איהרע כלומר'שטע

מעלות; און נעבען דעם דאָס בילד וואָס בלייבט איבער פון איהר, ווען די ליעבע איז פארביי און מיט איהר אויך די אַלע איינענשאפטען פון דער געליעבטער, וועלכע האָבען איהם פריהער צוגעצויגען צו איהר — די צייכנונג פון ערשטען בילד וואָלט דאָן אויסגעזעהן ניט ווייניגער אונווירקליך, איידער די צייכנונג פון פיטוא.

דער, וואָס לעזט דורך די דאָזיגע קליינע נאָוועלע און לאָזט זיך דערנאָך אריין אין טרוימערייען, פיהלט, וויפיעל געדאַנקען זי רופט ארויס, און אזוי ווי די איינוואוינער פון סענט־אָמער שפּירט ער פיטוא'ן איבעראַל.

.3

דער פּעהלער פון די מעהרסטע היסטאָרישע שילדערונגען באַשטעהט דאָך אין דעם, וואָס די בילדער ווערען פאַרטראָגען פון דער פאַרגאַנגענהייט און צוגעפּאַסט צו דער באַדייטונג, וועלכע זיי האָבען געקראָגען פאַר אַ שפּעטערער צייט. ביי ג אָ ב י נ אָ ׳ ן רעדט מישעל אַנזשעלאָ וועגען ראַפאַעל׳ן, ווי מען האָט גערעדט פון איהם אין 19טען יאָהרהונדערט, ווען מען האָט זיי צוזאַמען דערמאָנט. ביי אָ ס ק אַ ר ו ו י י ל ד רעדט יאָהאַן דער טויפער אקוראַט ווי אין די עוואַנגעליען, וועלכע זיינען געשריבען געוואָרען אַ צייט לאַנג נאָך זיין טויט. וואו יעזוס׳עס געשטאַלט זאָל ניט באַריהרט ווערען אין דער מאָדערנער פּאָעזיע און קונסט, אַלצאיינס אין וואָס פאַר אַ גייסט, ביי פּאָול העיזע, ביי דעם יאַפּאַנער סאַדאַקיכי האַרטמאַן, אָדער ביי דעם דענע עדוואַרד סעדערבערג, — איבעראַל איז ער די הויפּט־פיגור פון זיין צייט וואָס באַשעפטיגט אַלעמען.

אין זיין נאָוועלע „דער פּראָקוראַטאָר פון יהודה" האָט פראַנס אַוועקגעשטעלט יעזוס׳ן אויף זיין ריכטיגען פּלאַץ. אז יעזוס׳עס אויפטרעטען און דער טויט זיינער האָט צו זיין צייט פאַראינטערעסירט בלויז א קליינע מחנה פון פּראָסטע מענשען אין ירושלים, איז פאַר יעדען איינעם, וואָס קען נאָר לעזען, שוין באַקאַנט דורך דעם אליין, וואָס דער היסטאָריקער פון יענער צייט, י אָ־ ז ע פ ו ס , וועלכער ווייסט אַלעס, וואָס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן אין פּאַלעסטינא, קען איהם ניט און דערמאָנט אפילו זיין נאָמען ניט.

ווען מען וויל אונז איינריידען, אז א געשעהעניש ווי די קרייצינונג האָט פאָרט געמוזט מאַכען א רושם, פאַרגעסט מען

זיך, וואס פאר אן אלגעמיינע און אונבאדייטענדע זאך א קריי־ציגונג איז געווען אין יענע אונרוהיגע צייטען. שפעטער, אין 70טען יאהר, ווען די רוימער האבען, לויט יאזעפוס'ן, גע־הרג'עט 13 טויזענד אידען אין סקיטהאפאלים, 50 טויזענד אין אלעקסאנדריען, 40 טויזענד אין יאטאפאטא, בסך הכל א מיליאן מיט 100 טויזנד, — דאן האט טיטוס געלאזט קרייציגען דורכ־שניטליך 500 אידען יעדען טאג. זיי פלעגען געפאנגען ווערען נעבען דער מויער פון ירושלים, ווען זיי פלעגען זיך ארומדרעהן דארט, געפלאגט פון דעם הונגער; דאן פלעגט מען זיי מאטערן און גלייך נאכדעם זיי אנשלאגען צום קרייץ, אזוי אז עס איז ענד־ליך אין פאלעסטינא ניט געבליבען קיין האלץ אויף קרייצען.

צו זיין הויפט פערזאן האט זיך פראנס אויסגעקליבען דעם רוימער טיטוס אייליוס לאמיא, א יונגער לעבע־מאן, וועלכער ווערט פארטריבען צוליעב א ראמאן, וואס ער האט געשפיעלט מיט דער פרוי פון דעם קיסר טיבעריוס'עס א קאנזול, און וועמען פראנס ברייננגט אראפ קיין פאלעסטינא און לאזט איהם אויפגע־נומען ווערען אלס גוטען גאסט ביי פאנטיוס פילאטוס אין הויז. זייט דאן זיינען שוין אריבער אן ערך פערציג יאהר, און אייליוס לאמיא האט זיך שוין פון לאנג אומגעקערט קיין איטאליען. ער געפינט זיך איצט אין באיאע, וואו ער נעמט בעדער, און זיצט גראד אויף א בערגעל ביי'ם וועג, לעזענדיג זיין לוקרעציוס, ווען עטליכע שקלאפען טראגען דורך א שטול און עס דוכט זיך אוים לאמיא'ן, אז אויף דיזען שטול זיצט זיין אלטער, זיין אמאליגער גאסט־פריינד.

און עס איז ווירקליך פאנטיוס, וועלכער וואוינט דא אין דעם באד־ארט מיט זיין עלטסטער טאכטער, די אלמנה. זיי ריידען זיך פאנאנדער מכה די אמאליגע טעג, וועגען דער שווערער מיה, די אלע צרות, וואס פאנטיוס האט געהאט מיט יענע אידען, וועל־כע האבען ניט געוואלט טראגען דעם קיסר'ס בילד אויף זייערע פאהנען, און וועלכע האבען זיך גיכער געלאזט דערשלאגען אויף

טויט, איידער קניען פאר'ן בילד: אלע ווײלע זיינען זיי געקו־מען צולויפען צו איהם און פארלאנגט דעם טויט פון וואס פאר ס'איז אונגליקליכען, וועמעס פארברעכען ער האט בשום אופן ניט געקענט אויסגעפינען און וועלכער איז איהם פארגעקומען פונקט אזוי פארריקט ווי זיינע אנקלעגער. לאמיא באמערקט, אז פאנטיוס'ן האט געפעהלט דער בליק פאר די גוטע אייגענ־שאפטען פון די ראזיגע אידען, אבער ער איז זיך מודה, אז ער אליין האט געפיהלט א באזונדער ליעבשאפט צו די אידינען. איין אוועגד האט ער געזעהן איינע פון זיי איז א שיינק־קעלער, ווי זי טאנצט אויף א שלעכטען טאפעט ביי א שרעקליכען ליכט מיט אויפגעהויבענע ארעמס צום קלאנג פון די צימבלען. דער טאנץ איז געווען בארבאריש, דאס געזאנג הייזעריג, אבער די באוועגונג פון די פיס איז געווען צויבעריי און דער בליק איהרער איז געווען דער בליק פון קלעאפאטרא. געדיכטע רויטע האר האט זי געהאט, און א לאנגע צייט איז ער איהר נאכגעגאנגען איבעראל, „אבער זי איז אנטלאפען פון מיר", האט ער ווייטער דערצעהלט, „אזוי גיך ווי דער ארימער פריידיגער און וואונדער־מאן פון גליל איז געקומען קיין ירושלים. פון איהם האט זי זיך שוין ניט געקענט אפרייסען, און זי האט זיך אנגעשלאסען אן דער קליינער מחנה פון מענער און פרויען, וועלכע האבען איהם בסדר ארומגערינגעלט. דו דערמאנסט זיך דאך נאך אודאי אן איהם?" — „ניין". ענטפערט פילאטוס. — „כ'מיין, ער האט געהייסען יעזוס, איז געווען פון נצרת." — „כ'הויב זיך ניט אן דערמאנען אן איהם", זאגט פילאטוס. — דו ביסט געצוואונגען געווען, איהם לאזען אנשלאגען צום קרייץ." — „יעזוס", מורמעלט פילאטוס, „פון נצרת — כ'קען זיך בשום אופן ניט דערמא־נען — —."

דא קען מען זעהן פראנס'עס ווירקונג אין איהר גאנצער אריגינאליטעט און זיין קונסט אין איהר טיעפער ווארהייט.

אזוי ווייט איז ער דערפון צו זעהן פילאטוס' פארהעלטנים

צו יעזוס׳ן אין דעם ליכט פון שפּעטערע צייטען. אז דער רוימי־שער גובערנאטאָר פאַרגעסט גאָר ביי איהם אין גאַנצען דאָס דאָ־זיגע געשעהעניש, וואָס איז פאַר איהם געווען אַ גאַנץ אַלטעג־ליכע זאַך, אין דער צייט וואָס לאַמיאַ האָט עס נור צוליעב מאַג־דאַלענאַ׳ן באַהאַלטען אין זיין זכרון.

אין זיין ערצעהלונג „לאַעטאַ אַציליאַ,״ אין דער זאַמלונג „באַלטאַזאַר“, האָט פראַנס נאָכאַמאָל געצייכענט מאַגדאַלענאַ׳ן. דאָרט באַשרייבט ער, ווי זי איז פאַריאָגט געוואָרען פונ׳ם לאַנד יהודה און מיט אַ שיף געקומען קיין מאַרסייל, וואו זי סטאַרעט זיך צו באַקערען צו איהר גלויבען די באַשיצערין איהרע, די פרוי פון אַ רוימישען ריטער. די רוימערין וויל האָבען אַ קינד. מאַריאַ פאַרשפּרעכט צו בעטען גאָט פאַר איהר. — אַז זי קומט צוריק, איז שוין לאַעטאַ אַציליאַ שוואַנגער. — דאַן דערצעהלט איהר מאַגדאַלענאַ, אַז זי איז געווען אַ זינדיגע פרוי, בעת זי האָט צום ערשטען מאָל דערזעהן דעם שענסטען מאַן, דעם מענשען־זוהן. זיבען שדים האָט ער איהר פון לייב אַרויסגעטריבען. און זי האָט זיך פאַר איהם אויף די קניע געוואָרפען און אויסגעגאָסען די גאַנצע זאַלב, וואָס איז געווען אין אַן אַלבאַסטער־קרוג, איבער דעם נביא׳ס פיס. און זי ווידערהאָלט די ווערטער, מיט וועלכע דער גוטער מייסטער האָט זיך פאַרטיידיגט, בעת די תלמידים האָבען זי מיט גראָבע רייד פאַרשטויסען פון זיך. פון דעמאָלט אַז האָט זי אין דעם מייסטערס שאָטען געלעבט אַזוי ווי אין אַ נייעם גן עדן. דערפאַר איז זי דאָס געווען די ערשטע, וועלכע האָט געזעהן, ווי ער איז אויפגעשטאַנען תחית המתים.

נאָר דער רוימערין דוכט זיך אוים, עפּעס אַזוי ווי מאַגדאַ־לענאַ וואָלט געוואָלט ביי איהר אָוועקרויבען די פריידען פון איהר רוהיגען לעבען. זי האָט ביז אַהער ניט געוואוסט, אַז עס איז פאַראַן אַן אַנדער גליק אויף דער וועלט אַ חוץ דאָס גליק, וואָס איז איהר באַקאַנט.

„איך וויל דיין גאָט ניט קענען. דו האָסט איהם צו טיעף

געליעבט. כדי איהם צו געפעלען, מוז מען מיט פונאַנדערגעלאָז־טע האָר איהם פאַלען צו די פיס. דאָס פּאַסט זיך ניט פאַר דער פרוי פון א רוימישען ריטער. געה זיך דיר דיין וועג, אידין! דיין גאָט קען ניט ווערען מיינער. איך האָב ניט געפיהרט דאָס לעבען פון א זונה, פון א זינדיגער פרוי, און אין מיר זיינען ניט קיין זיבען טייוואָלים געזעסען. איך האָב זיך ניט אַרומגעטריבען אין שלעכטע וועגען. איך בין אַן אנשטענדיגע, בכבוד׳יגע פרוי. געה זיך דיר דיין וועג!"

וואס עס שמיעדט צו פראַנס׳ן צו דיזע געשטאַלטען איז דער קאָנטראַסט אין די געפיהלען פון דיביידע פרויען — דער רע־ליגיעז־ליידענשאַפטליכער עקסטאַז פון דער אזיאַטין און די אַנ־שטענדיגע פאַמיליען־ליעבע פון דער רוימעריןן.

אזוי געהט ער כסדר אַלס דיכטער פאַרביי די געשיכטע.

* * *

צו די פיעלע זאכען, אין וועלכע ער גלויבט ניט, געהערט פונדעסטוועגען די וויסענשאַפטליכקייט פון דער געשיכטע: די געשיכטע איז א באַשרייבונג פון די עראייגניסע פון דער פאַר־גאַנגענהייט. אבער וואָס איז אזוינס אַן עראייגניס? א מערק־ווירדיגער פאַקט. ווער ענטשיידעט, צי א פאַקט איז מערקוויר־דיג, צי ניט? דאָס ענטשיידעט דער היסטאָריקער גופא נאָך זיין אייגענעם געשמאַק נאָך. א פאַקט איז א חוץ דעם א זעהר פאַרפלאָנטערטע זאַך. שטעלט עס אַלזאָ דער היסטאָריקער פאַר פאַרפלאָנטערט ווי עס איז? אונמעגליך. ווי דען זשע? אָפּ־געהאַקט און אַרומגעשניטען. אבער א היסטאָרישער פאַקט קומט דאָך ניט פון זיך אליין: ער ווערט אַרויסגערופען דורך אונ־היסטאָרישע אָדער אונבאַקאַנטע פאַקטען. טאָ ווי אזוי זשע קען דער היסטאָריקער פאַרשטעלען די פאַרבינדונג זייערע?

אָט דער געדאַנקענגאַנג ליגט פראַנס׳ן אזוי שטאַרק אויפ׳ן זינען, אז ער שטעלט איהם פאָר גאַנצע דריי מאָל נאָכאַנאַנד, אין דער פאָררעדע צו „לאָ ווי ליטערער", אין „הערר זשעראָם

קוואַניאַר'ס אַנזיכטען" און אין „עפּיקור'ס גאָרטען". אַלס ריכ־טער נעמט ער איינפאַך אַפּ דעם מוט ביי די פאָרשער מיט זיינע צווייפלען. ס'איז אונמעגליך, זאָגט ער, צו קענען די פאַרגאַנ־גענהייט; מען קען פשוט ניט באַווייזען, איבערצולייענען דאָס אַלעס, וואָס מען וואָלט דערצו געמוזט לייענען. צוויי מאָל דער־צעהלט ער מכח דעם אַ מעשה'לע, אוןביידע מאָל אין דעם זעל־בען נוסח:

„אַז דער יונגער פּרינץ זעמיר איז אַרויף אויפ'ן פּערזישען טראָן, האָט ער צונויפגערופען די געלעהרטע מענער פון זיין מלוכה און זיי אַזוי געזאָגט:

— מיין לעהרער האָט מיר ערקלערט, אַז כדי די קעניגע זאָלען אויס־מיידען פעהלערען, מוזען זיי קענען די געשיכטע פון די פעלקער. שרייבט מיר אַן אַ וועלט־געשיכטע און זעהט, אַז זי זאָל זיין פאָלשטענדיג.

נאָך אַ משך פון צוואַנציג יאָהר האָבען זיך די געלעהרטע ווידער פאַר־נעשטעלט פאַר'ן קעניג. נאָך זיי איז נעגאַנגען אַ קאַראַוואַנע פון צוועלף קעמלען, און יעדער קעמעל האָט געטראָגען אויף זיך 500 ביכער.

דער סעקרעטער פון דער אַקאַדעמיע האָט געהאַלטען אַ קורצע רעדע און איבערגעגעבען דעם הערשער די 6 טויזענד ביכער.

דער קעניג, וועלכער איז געווען צופיעל פאַרנומען מיט דער רעגירונג, האָט געדאַנקט פאַר דער אַרבייט. „אָבער", האָט ער זיך אָפּגערופען, „כ'האָב שוין אָפּגעלעבט אַ העלפט פון מיינע יאָהרען, און אפילו ווען איך זאָל לעבען נאָך אַמאָל אַזוי פיעל. וועל איך אַלץ קיין צייט ניט האָבען איבער־צולייענען אַזאַ לאַנגע געשיכטע. קירצט זי אָפּ, אָבער אַזוי אַז זי זאָל דער־ביי גאָר ניט פאַרלירען!"

די געלעהרטע האָבען געאַרבייט נאָך צוואַנציג יאָהר און זיינען ווידער געקומען, דאָס מאָל מיט דריי קעמלען, וועלכע האָבען געטראָגען אויף זיך 1500 ביכער:

— דאָ איז אונזער ווערק, מיר גלויבען ניט, אַז מיר זאָלען האָבען אויס־געלאָזט עטוואָס וויכטיגעס.

— ס'איז מעגליך, אָבער איך בין שוין אַן אַלטער מאַן. פאַרקירצט די געשיכטע און איילט זיך צו.

נאָך צעהן יאָהר בלויז זיינען זיי ווידער געקומען. נאָך זיי איז נעגאַנ־גען אַ יונגער עלעפאַנט וועלכער האָט געטראָגען ניט מעהר ווי 5 הונדערט בענד.

— דאס מאל האבען מיר זיך געהאלטען קורץ.

— ס'איז אמת. אבער מיין לעבען איז באלד צו ענד. קירצט פון דאס ניי!

נאך א משך פון פינף יאהר צייט איז געקומען דער סעקרעטער. ער איז געגאנגען אויף קוליעס און האט געפיהרט א קליינעם עזעל, וועלכער האט געטראגען א דיקען בוך אויפ'ן רוקען.

— געה גיכער, — האט געזאגט אן אפיציר, — דער קעניג האלט ביים שטארבען.

— איך וועל שוין מוזען שטארבען, ניט קענענדיג די געשיכטע פון די מענשען, — האט זיך אפגערופען דער קעניג.

— ניין, — האט געענטפערט דער אלטער געלעהרטער. — איך וועל זי צונויפפרעסען אין עטליכע ווערטער: „זיי זיינען געבוירען געווארען, האבען געליטען און זיינען געשטארבען."

מחמת דעם איז פראַנס, ניט קוקענדיג אויף זיין גרויסער פעהיגקייט אַלס פאַרשער, געוואָרען נאָוועליסט און ראָמאַנען־שרייבער, נים קיין היסטאָריקער.

פונדעסטוועגען איז ער ניט אַזאַ פעסימיסט, ווי מען וואָלט געקענט גלויבען נאָך די שלום־ווערטער זיינע. די מענשען האַבען ביי איהם אויך פריידען אין לעבען, און ער האַלט כסדר אין איין אַרויסשטעלען דעם ווערטה פון דער פרייד געגען יעדער פאַרלייקענונג פון דער נאַטור און געגען יעדער לעהרע, אַז ס'איז גוט צו ליידען אויף דער וועלט.

אָבער אָט דער צווייפעל אין דער וויסענשאַפטליכקייט פון דער געשיכטע איז טיפּיש פאַר זיין סקעפּטיציזם אויף אַלע אַנדערע געביעטען.

* * *

די העכסטע שטופע פון גייסטעס־שאַרפקייט האט אין זיך די געפּאַהר, וואָס זי פיהרט צום צווייפלען. ווער עס זעהט די פיעלזייטיגקייט פון אַלצדינג, ביי דעם קען דער אינטערעס פאַר די מענשהייט דערטרונקען ווערען אין מענשענפאַראַכטונג. און פון לויטער פּעסימיסטישע אַנזיכטען ווערט מען דאַן אַז אַנ־

היינגער פון דער האַרטער, פעסטער פויסט, פון דער גרויזאַמער געוואַלט.

פראַנס האָט געשוועבט אין דער דאָזיגער סכנה. נאָך מיט אַ פּאָר צענדליג יאָהרען צוריק האָט עס אויסגעזעהן, אַזוי ווי זיין ענטוויקלונג וואָלט איהם פּראַקטיש געקענט פּונקט אַזוי גוט פיהרען צו דער רעאַקציאָן ווי צום ראַדיקאַליזם.

ווען אַבעל הערמאַן'ס בוך „לע קאַוואַליע מיזערע", וואָס האָט שטאַרק קריטיקירט די אַרמעע, איז פאַרבאָטען געוואָרען פאַר די סאָלדאַטען, האָט פראַנס געשריבען:

„כ'קען בלויז עטליכע שורות פון דער באַריהמטער טאַגעס־אָרדנונג, וועלכע דער קאַפּיטאַן פון דעם 12טען יעגער־רעגימענט אין רוען האָט געלאָזט פאַרלייענען פאַר די זעלנער. דאָס זיינען פאָלגענדע: „יעדער עקזעמפּלאַר פון „קאַוואַליע מיזערע", וואָס וועט אריינפאַלען אין די הענט, זאָל פאַרברענט ווערען אויפ'ן מיסט־הויפען, און יעדער סאָלדאַט, ביי וועמען מען וועט געפינען אַן עקזעמפּלאַר, זאָל קריגען געפענגנים." — דאָס איז ניט קיין זעהר שעהנער זאַץ. נאָר פונדעסטוועגען וואָלט איך א י ה ם ליעבערשט אָנגעשריבען, איידער אַלע 400 זייטען פון דעם ראָמאַן."

ס'איז דעמאָלט געווען אַ פאַרברעכען, אָנצוריהרען די אַרמעע. ווער ס'ווייסט, וואָס פראַנס האָט זייט דאַן געשריבען מכח דער אַרמעע, וועט זעהן, וואָס פאַר אַן איבערקערעניש ס'איז פאָרגעקומען אין זיין מוח.

אַז ס'איז געקומען דער מאָמענט פון דעם קריזיס, האָט עס זיך אַרויסגעצייגט, אַז דיזער מאַן האָט ניט ווי אַנדערע בלויז גייסט און געשיקטקייט, נאָר אויך אַ ווילען, און אַז טיעף ביי זיך אין האַרצען איז ער גאָר ניט אַזאַ שטאַרקער צווייפלער און ס'איז נאָך געבליבען באַהאַלטען ביי איהם אַ גלויבען און אַ באַגייסטערונג: דער גלויבען אין דער באַרעכטיגונג פון דער גרויסער באַ־

וועגונג, וואָס איז פאַרגעקומען אין 18טען יאָהרהונדערט און די באַגייסטערונג פאַר איהר.

אַלס דיכטער האָט ער געהאַט צוויי הויפּט־קרעפטען: ער־שטענס די נאַאיוויטעט, וועלכע מאַכט, אַז די געשטאַלטען, וואָס ער באַשאַפט, זאָלען ניט זיין קיין מענשעלאַך, אַנגעצויגען אויף שנירלאַך—ווי וואַלטער'ס געשטאַלטען זיינען אָזוי אָפט,—נאָר זיי זאָלען זיך פריי באַוועגען אויף די פיס, פיהרען אַן אונגע־שטערט לעבען, אונאָפּהענגיג פון דעם פאַרפאַסער. די נאַאיווי־טעט גיט דיזע ברואים אַריין לעבען און מאַכט זיי נאַטירליך.

דער צווייטער עלעמענט ביי איהם איז די קונסט. ער פאַר־מאָגט דאָס, וואָס ער אַליין רופט אָן די דריי גרויסע אייגענשאַפ־טען פון דעם פראַנצויזישען שריפטשטעלער — ערשטענס קלאָר־הייט, צווייטענס, קלאָרהייט און ענדליך קלאָרהייט. אָבער דאָס איז בלויז א י י ן גרונד־אייגענשאַפט פון זיין קונסט. ער האָט געהאַט מאָס און טאַקט, אין וואָס „די גאַנצע קונסט באַ־שטעהט" פאַר איהם אַלס עכטען פראַנצויז, ווי ער דריקט זיך אַליין אויס. אויב זאָלאַ אַלס ראָמאַנען־שרייבער האָט אין איהם אַרויסגערופען א גרויל, איז דאָס געוועזען מחמת דעם, וואָס דער דאָזיגער איטאַליענער, אַלס קינסטלער אין אַזאַ הויכען גראַד, האָט קיין מאָס ניט געהאַט אין זיך. ער אַליין איז אַלס ערצעה־לער שטענדיג צוריקגעהאַלטען.

ס'פעהלט איהם ליידענשאַפט און ער איז קיינמאָל ניט וואויל־לוסטיג; די ליעבעס־זאַכען ביי איהם זיינען בלויז עפּי־קורעאיזם.

אַרום און אַרום איז ער מעהר קינסטלער און דיינקער איי־דער דיכטער. דעלאַקרואַ האָט געזאָגט, אַז קונסט הייסט אי־בערטרייבונג אויפ'ן ריכטיגען אָרט. פראַנס'עס איבערטרייבונג און די רייכקייט פון איינפעלע, וואָס ער גיט זיינע פיגורען, און וועלכע קענען זיך אָפט קוים איינפאַסען אין די ביכער זיינע (ווי מען קען זעהן אין „טהאַאיס" און „באַלטהאַזאַר") אָדער פאַר

וועלכע ס'מוז געשאַפּען ווערען פּלאַץ אין גאַנצע בענדער ווי „קוואַ־ניאַר'ס אידעען", „עפּיקור'ס גאָרטען", אַ טייל פון „פּיער נאָזיער". ער האָט מעהר אַנזיכטען איידער געפיהלען. ער האָט איינפּעלע איבער אַלצדינג, באַאורטיילט אַלצדינג, ניט נור מענשליכע פאָר־אורטיילען און מנהגים, נאָר זאָגאַר די נאַטור.

ער וואַרפט איהר, צום ביישפּיעל, אויף, וואָס זי גיט אונז אַזוי פריה די יוגענד און לאָזט אונז דערנאָך לעבען אָהן איהר; זי, די יוגענד, וואָלט געדאַרפט קומען צולעצט, ווען דאָס לעבען איז רייף און פאַרטיג, אַזוי ווי דער שמעטערלינגס־צושטאַנד, וועלכער קומט ביי די אינסעקטען ערשט נאָכדעם ווי זיי לעבען אַ צייט לאַנג אין אַ צושטאַנד פון פּופּען; זי וואָלט געדאַרפט זיין די לעצטע העכסטע מדרגה פון לעבען, וואָס זאָל קומען די־רעקט פאַר'ן טויט.

פראַנס'עס אייגענע העכסטע ענטוויקלונג איז געקומען צו־לעצט. וואָרים אין זיין לעצטער שטופּע אַלס קעמפּער האָט ער קיין האָר ניט פאַרלאָרען פון זיין איראָניע אָדער פון דער קינסט־לערישער איבערלעגענהייט זיינער, וועלכע איז אייגענטליך אַ פאָלגע פון דער איראָניע. קיינמאָל האָט די דאָזיגע איראָניע ניט אַזוי טריאומפירט ווי אין זיין שאַרפסטער שטרייט־שריפט „דער צויבער־רינג", וואו די לייכטזיניגסטע מעשים, איין ראַנדע־וואו און איין הולטאַיפּסטוואָ נאָך דער אַנדערער, ווערען גלידער פון אַ פאַרפּלאָנטערטער קייט פון אינטריגעס, וועלכע ווערען גע־מאַכט מיט דעם צוועק צו ערפילען דעם וואונש פון אַ יונגען באַנ־קיר, וועלכער שאַרט זיך אין די הויכע אַריסטאָקראַטישע פענ־סטער, און וועלכע ענדיגען זיך דערמיט, וואָס אַ דורכגעטריבענער אונטערטעניגער פּריסטער קריגט דעם בישאָפס־רינג. דער דאָ־זיגער גלח האָט זיך איבעראַל געבויגען און דורך זיין עניוות האָט ער געוואונען די סימפּאַטיע פון מענער און פרויען, וועלכע האָבען געאַרבייט מיט לייב און לעבען פאַר זיין צוקונפט. אָבער ווי נאָר ער ווערט בישאָף, ווייזט ער זיך אַרויס אַלס קאַמפּסלוס־

טינער דינער פון דער קירכע, אלס ביטערער שונא פון דעם שטאַט. — מען קוקט דאַ אַרונטער אין אַ שרעקליכען אָפּגרונד פון איראָניע.

אלס קינסטלער האַלט זיך פראַנס אין דער הויך און לאָזט זיך ניט בעאיינפלוסען פון קיין שום ליידענשאַפט, זאָגאַר דאָרט, וואו ער איז שטאַרק פאַראינטערעסירט אין אַ געוויסער אידעע און זוכט זי דורכצוקעמפען.

אז איהם האָט ניט געפעהלט קיין ליידענשאַפט ניט הינטער דער קונסט און ניט אויסערהאַלב דער קונסט, דאָס האָט זיך אַרויסגעצייגט אין דעם טאָג, ווען דער טיפער צווייפלער איז מיט אַמאָל אַרויס אַלס קאַמפּס־שריפטשטעלער און אלס פאָלקס־רעדנער האָט ער זיך ערקלערט פאַר אַ ראַדיקאַלען סאָציאַליסט.

ער איז ניט געווען קיין געבאָרענער רעדנער, פלעגט פאַרלעזען זיינע רעדעס, ווי דער מנהג איז ביי די פראַנצויזען. אָבער זיין גרויסקייט אלס שריפטשטעלער האָט גדעקט זיין מאַנגעל אין רעדנער־קראַפט. ער פלעגט געוועהנליך אָנפאַנגען צו ציהען די אויפמערקזאַמקייט פון די מאַסען מיט עטוואָס פאַקענדעס, מיט אַ זאַך, וואָס מען קען אָנטאַפּען מיט די הענט, מיט אַן אַלטע פאָלקס־לעגענדע, למשל. איינמאָל האָט ער דערצעהלט וועגען דעם מערקווירדיגען פעכטער, וואָס פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פייער־שפּייענדיגער שלאַנג מיט פליגלען, און אז די שלאַנג איז געשלאָגען געוואָרען, פלעגט דערזעלבער פעכטער קענען גאָר פלוצלינג ווערען אַ שטילע, גאַנץ שטילינקע ענטעל. „כ'האָב זיך געמוזט דערמאָנען אָן דיזען פעכטער“, האָט פראַנס געזאָגט, „ווען איך האָב די טעג איבערגעלייענט די פּראָגראַמען, וואָס די נאַציאָנאַליסטען האָבען אָנגעקלעפּט אויף די ווענט פון פּאַריז. מיר האָבען זיי געזעהן אין די גאַסען און אויף די בולוואַרדען אונזערע, ווי זיי האָבען געשפּיגען מיט פייער פון די אויגען, פון דעם מויל און פון די נאָז־לעכער. ווי מורא'דיגע געפליגעלטע שלאַנגען האָבען זיי געקלאַפּט מיט די פליגלען און געוויזען די

שרעקליכע נעגעל זייערע. מען האָט זיי פונדעסטוועגען דאָך בייגעקומען, און אָט ווערען זיי מיט אַמאָל פריש געבוירען, מיט גלאַטע פעדערען, מיט אַ זיסער מיענע און מיט אַ פרידליכער שטימע, אַקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען שטילע, רוהיגע הויזחיות. וואָס פאַר אַ מערקווירדיגע אומוואַנדלונג!"

די הקדמה איז געווען אַזוי אַמוזירענד און פאָלקסטימליך, אַז די צוהערער, וועלכע האָבען אַרויסגעפּלאַצט מיט אַ שטורם פון געלעכטער און פרעהליכע געשרייען, זיינען גלייך געוואָונען געוואָרען אויף דעם רעדנער'ס זייט.

4

דאָס איז געווען אַ נאָוועמבער אָווענד אין פּאַריז, אין יאָהר 1904, בעת די מיטגלידער פון די סקאַנדינאַווישע פּאַרלאַמענטען זיינען געווען צו גאַסט אין פּאַריז. ווען די געסט זיינען אַוועק צו אַ באַנקעט ביי'ם מיניסטער פון אויסערן אין הויז, וואו זיי האָבען געהאַט אַ געלעגענהייט אַ קוק צו טאָן אויף די העכערע געזעלשאַפט מיט זייערע עלעגאַנטע, רייך־פּאַרפּוצטע דאַמען, האָב איך בעסער פּאָרגעצויגען אַריבערצופאָהרען אין „טראָקאַדעראָ". די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט אין יענעם אָווענד דאָרט פּאַר־רופען אַ פּאַרזאַמלונג און דריי פון פראַנקרייך'ס גרעסטע מענער האָבען דאָרט געזאָלט רידען.

דער זאַל איז געווען געפּאַקט, ס'איז קיין איין אָרט ניט געבליבען ליידיג; נאָר מען האָט אין זינען געהאַט, מיך צו פּאַרזאָרגען מיט אַ פּלאַץ אויף דער פּלאַטפּאָרמע נעבען די רעדנער, און אויף אַזאַ'ן אופן האָב איך געהאַט די מעגליכקייט מיט איין בליק דורכצונעמען די זעקס טויזענד מענשען, וואָס האָבען אָנגעפילט דעם אונגעהייער גרויסען זאַל.

די דריי רעדנער זיינען געווען פראַנסיס דע פּרעסאַנסע, זשאַן זשאָרעס און אַנאַטאָל פראַנס, דער עהרליכסטער פּאָליטיקער, דער באַרעדזאַמסטער מאַן און דער גרעסטער שריפטשטעלער פון פראַנקרייך.

פראַנסיס דע פּרעסאַנסע'ס פּאָרטראג האָט זיך אויסגעצייכענט דורך איינפאַכע און שטאָלצע קראַפט. אָט שטעהט ער דאָרט, גראַד און שטיל, רעדט אָהן אַ שום האַנד־באַוועגונג, ווענדט זיך ניט צום פּובליקום מיט קיין ריהר, ער אַפּעלירט בלויז צו זיין פּאַרשטאַנד. ער גיט איבער איין פאַקט נאָכ'ן אַנדערען און ער

ערקלערט זיי. ער איז אזוי זיכער מיט זיין שפּראַך, ער זוכט קיינמאָל קיין ווערטער ניט, ווי שנעל ער זאָל ניט ריידען, און ער האָט קיינמאָל קיין זאַץ ניט אָפּ, ווי נאַכלעסיג עס זאָל ביי איהם ניט ארויס פון מויל. אויך שטעלט ער זיך קיינמאָל ניט אָפּ אויף קיין איין רגע אפילו, ווען ער זאָגט עפּעס אויסערגעוועהנ־ליך שטאַרקעס און די אַפּלאָדיסמענטען ברעכען אויס, — גאָר ניט ווי דער שטייגער איז פון די אנדערע פראַנצויזישע רעדנער. ער לאָזט דעם בייפאַל קיין צייט ניט איבער, רעדט זיך ווייטער, אָהן אַ פּינטעל מיט'ן אויג אָדער די מינדעסטע פויזע, אַקוראַט ווי ס'וואָלט איהם גאַרנישט אַנגעגאַנגען.

אַז זשאָרעס האָט געדאַרפט אָנפאַנגען ריידען, איז די פּלאַט־פאָרמע נעבען איהם אָפּגעליידיגט געוואָרען; מחמת ער האָט זי נייטיג געהאַט אין איהר גאַנצער ליינג. די באַרעדזאַמקייט פון דעם גרויסען סאָציאַליסט איז געווען עכט קאַטוילישׁ. ער האָט דערמאָנט אַן די אויסערגעוועהנליכע קאַנצעל־רעדנער אין די קירכען פון נעאַפּעל. ער איז געווען אַ דרום־לענדער גלייך מיט זיי. און פונקט ווי זיי האָט ער געמוזט האָבען אַ גרויסע, ליידיגע פּלאַטפאָרמע, וואו דער רעדנער זאָל קענען געהן ארויף און אַראָפּ, בלייבען שטעהן, זיך דרעהען און קערען נאָך רעכטס און נאָך לינקס.

ער האָט געהאַט אַ שטימע וואָס האָט געקלונגען ווי דער שופר של משיח. אזוי גיך ווי ער האָט נאָר געעפענט דאָס מויל, האָבען זיך די פענסטער פונ'ם זאָל פאַנאַנדערגעטרייסעלט פון דעם מעטאַל־קלאַנג. ער פלעגט די דאָזיגע שטימע זיינע באַנו־צען מיט אַ באַזונדערער קונסט; ער פלעגט זי זאָגאַר ניט איינ־האַלטען, בעת ער האָט אָנגעהויבען ריידען; זי פלעגט ווערען ביי איהם כמעט ניט העכער און ניט נידעריגער, ער איז געווען פון דער ערשטער ביז דער לעצטער רגע הוילע ערנסט און ליידענ־שאַפט. זאָגאַר אין אַ זאַל, וואָס נעמט אריין אין זיך זעקס טוי־זענד מענשען, איז זיין שטימע געווען צו שטאַרק פאַר דעם

פלאַץ און האָט ניט זעלטען ארויסגערופען א שטערענדען ווי־דערקלאַנג. מען וואָלט איהם בעסער געהערט, ווען ער וואָלט זיך בעסער געשווינט. איבעריגענס האָט ער געהאַט די פעהיגקיי־טען פון א שוישפּיעלער. אזוי ווי א שטורם־באָק פלעגט ער זיך א לאָז טאָן מיט אַן איינגעבויגענעם קאָפּ אויף אַן אונזיכטבאַ־רען שונא. אָדער ער פלעגט זיך א בויג טאָן מיט אויסגעשטרעק־טע אָרעמס נאָך פאָרענט און מיט איין רוק איז ער שוין גע־שטאַנען ווידער גלייך. אָדער ער מאַכט זיך קליין, זינקט צוזאַ־מען, עפּעס אזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט ארונטערלאָזען אויף דער ערד, און שטעהט כהרף עין ווידער אויף. ער ווערט היים־ריידענדיג; צולעצט איז זיין געזיכט נעוועזן אָפּגעבאָדען אין שווייס. אָט די קורצע, דיקע געשטאַלט מיט די ברייטע פּלייצעס, מיט די שווערע גלידער, מיט דעם קורצען האַלז, מיט דעם קיי־לעכדיגען קאָפּ, מיט דעם שעהנעם געזיכט, ארומגעזוימט מיט א פולער באָרד, האָט געהאַלטען אין איין ארומגעהן ארויף און אראָפּ, ארויף און אראָפּ. — נעבען איהם האָבען פראַנס און פרע־סאַנסע אויסגעזעהן אזוי ווי א הירש און א פערד נעבען א בופלאָקס.

פראַנס האָט אייגענטליך ניט גערעדט; ער האָט געלייענט, אָבער מיט אַלע פאַרשידענע טענער פון א ניט זעהר שטאַרקער, נאָר דאָך אנגענעמער און גוט־קלינגענדער שטימע. זיין פאַר־טראַג איז ניט געווען איינפאַך, ווי פרעסאַנס'עס, ס'איז געווען דער פאַרטראַג פון דעם שאַרפען צווייפלער, פיעלפאַכיג אין זיינע שאַטירונגען און איבערגאַנגען. אפשר לייענט ער דערפאַר, ווייל אַלס שריפטשטעלער האָט ער צופיעל ליעבשאַפט פאַר יעדען זאַץ, וואָס ער בויט אויף, אום איהם מפקיר צו זיין און איהם אי־בערלאָזען דעם צופאַל פון דעם אויגענבליק. דער סטיל זיינער פאַרטראַגט ניט, אַז א וואָרט זאָל איבערגעהיפּערט אָדער איבער־געביטען ווערען. זיין פאַרטראַג איז א דורכגעפיהרטע אויסגעהאַל־טענע איראָניע, וואָס ווערט פון צייט צו צייט איבערגעשלאָגען

פון אַן ערנסטען געדאַנק, וועלכער ווירקט נאָך שטאַרקער, ווייל ער קומט אַזוי זעלטען. און אַט דער פּאַרטראַג ווערט אויפגענו־מען מיט בייפאַל, רופט אַרויס געלעכטער און צושטימונג. פראַנס דערצעהלט דאָס, וואָס איז געשעהן, שטעלט אַ פראַגע־צייכען — און מען שמייכעלט, אַן אויסרופונגס־צייכען — און מען פיהלט זיך געצוואונגען נאָכצודיינקען. ער רוקט אונטער אַ פּאַראַנ־טהעזע, אַ מאמר המוסגר, און מען דערזעהט צווישען די האַלבע לבנות די גאַנצע דומהייט און פרעכהייט פון דער פראַגע, פון וועלכער עס האַנדעלט זיך.

פראַנס האָט תחילת גערעדט מכח דעם צושטאַנד, וואָס איז געשאַפען געוואָרען דורך דעם „קאָנקאָרדאַט“, דעם אָפּמאַך מיט'ן פּאַפּסט. דער שטאַאַט, הייסט עס, באַצאָהלט די גייסט־ליכע פון דריי רעליגיאָנען, אָבער בלויז פון דריי, כאָטש פראַנק־רייך האָט אין משך פון 19טען יאָהרהונדערט צוגעקראָגען אַ סך מעהר מחמד'אַנישע אונטערטאַנען איידער די צאָהל פון איהרע פּראָטעסטאַנטישע און אידישע איינוואוינער. דערמאָנענדיג אויף אַ וויציגען אופן באַקאַטשיאַ'ס מעשה'לע מיט די דריי רינ־גען, וואָס לעסינג האָט באַנוצט אין זיין „נאַטהאַן דער ווייזע“; האָט פראַנס געזאָגט:

„ביי אונז האָט דער קולטוס־מיניסטער, אַזוי ווי דער פאָטער אין דער אַלטער אידישער לעגענדע, דריי רינגען. ער זאָגט אונז ניט, וועלכער רינג ס'איז דער עכטער, און דאָס איז זעהר קלוג פון זיין זייט. אָבער וויבאַלד ער האָט מעהר ווי איינעם, טו פאַרוואָס־זשע האָט ער בלויז דריי? אונזער פאָטער אין הימעל האָט די זיהן זיינע געגעבען מעהר ווי דריי רינגען, ניט אָנצייי־כענענדיג זיי, וועלכער ס'איז דער עכטער, דער אורשפּרינגלי־כער. העררר קולטוס־מיניסטער! פאַרוואָס האָט איהר ניט אַלע רינגען פון אייער הימלישען פאָטער? איהר באַצאָהלט די גלחים פון געוויסע גלויבענס, אָבער ניט די גייסטליכע פון געוויסע אַנ־דערע גלויבענס. איהר גיט זיך דאָך ניט אַן פּאַר דעם ריכטער

איבער די רעליגיעזע וואַרהייט. איהר ווילט דאָך אונז ניט דער־צעהלען, אַז די דריי רעליגיאָנען האָבען אין זיך די וואַרהייט, נאָכדעם ווי יעדע איינע פון זיי מאַכט אַ תּל פון די אַנדערע צוויי."

ווי באַקאַנט איז די פראַגע אָפּצוטיילען די קירכע פונ'ם שטאַאַט דאַן געוואָרען אַזוי פּאָפּולער, אַז עס איז געוואָרען אַ פּונקט פון דער טאַגעס־אָרדנונג ביי די רעפּובליקאַנער. פראַנס האָט באַהויפּטעט, אַז עס מוז איצט דורכגעפיהרט ווערען. אָבער ווי אַזוי זאָל עס געשעהן ? ער האָט זיך אויסגעלאַכט פון דער אַלטער פאָרמולע : אַ פרייע קירכע אין דעם פרייען שטאַאַט. דאָס וואָלט געווען גלייך ווי אַ באַוואָפענטע קירכע אין אַן אונבאַוואָ־פענטען שטאַאַט. „מיר זיינען דער אָפּגעָ'גט'ער קירכע פרייהייט שולדיג", האָט ער געזאָגט, „אָבער ניט קיין אונבאַדינגטע און מעטאַפיזישע פרייהייט, נאָר אַ ווירקליכע, דאָס הייסט, אַ פריי־הייט, וואָס איז באַגרענעצט פון אַלע אַנדערע סאָרטען פרייהיי־טען. אָבער, מיטבירגער, זייט זיכער, אַז די קירכע וועט ניט ארויסווייזען קיין שום דאַנקבאַרקייט צו אונז דערפאַר. זי וועט די דאָזיגע פרייהייט באַטראַכטען פאַר אַ באַליידיגונג און אַ שפּאָט."

פראַנס איז אריבערגעגאַנגען צו דער שייכות צווישען איי־ראָפּאַ און מזרח־אַזיען. ער האָט ענטוויקעלט פאָלגענדען גע־דאַנק : די אייראָפּעאישע מלוכות האָבען זיך שוין צוגעוואוינט דערצו, אַז ווען די אָרדנונג ווערט געשטערט אין כינאַ, שיקט יעדע פון זיי אָדער אַלע אינאיינעם אריבער אַהין סאָלדאַטען, וועלכע פיהרען איין צוריק די אָרדנונג דורך גנבה, פאַרגוואַלטי־גונג, רויב, מאָרד און אונטערצינדעריי, און מיט ביקסען און קאַ־נאָנען שטעלען זיי ווידער איין דעם פרידען אין לאַנד :

„די וואָפענלאָזע כינעזער פאַרטיידיגען זיך ניט, אָדער זיי פאַרטיידיגען זיך שלעכט. מען שלאַכטעט זיי אויס מיט אַן אַנ־גענעמער ליכטקייט. זיי זיינען העפליך און מאַכען אַלערליי

צערעמאניעס; אבער מען ווארפט זיי אויף, אז זיי האבען ניט קיין סימפאטיע צו די אייראפעער. אונזערע טענות צו זיי זיי־נען עהנליך צו די טענות, וואס הערר דישאיו האט געהאט צו זיין גארילא."

הער דישאיו איז געווען דער מאן, וועלכער האט אריבער־געבראכט דעם ערשטען גארילא קיין אייראפא. ווער ס'האט איהם געקענט, קען עדות זאגען, אז דורך זיין האבען צו טאן מיט די מענשען־אפען האט ער אליין געקראגען גאר ניט קיין קליינע עהנליכקייט צו אן אפען־מענשען.

פראנס האט וועגען איהם דערצעהלט פאלגענדעס: ער האט אין א וואלד דער'הרג'עט א גארילא־מוטער. עטליכע קוילען האט ער אין איהר אריינגעשאסען. שטארבענדיג האט זי צוגע־דריקט איהר יונג קינד אין איהרע ארעמס. דישאיו האט ארויס־געריסען דאס קינד און עס מיטגעשלעפט מיט זיך איבער גאנץ אפריקא, כדי עס צו פארקויפען אין אייראפא. אבער דער קליינער גארילא האט איהם אנגעטאן געברענטע צרות. א מאדנע חיה איז דאס געווען. איידער צו זיין אין דישאיו'ס געזעלשאפט, האט ער ליעבערשט קיין זאך אין מויל ניט גענומען און איז גע־שטארבען פון הונגער. „איך בין ניט אימשטאנד געווען", שרייבט ער, „בייצוקומען זיין שלעכטע נאטור". מיר באקלאגען זיך אויף די כינעזער, אקוראט ווי הערר דישאיו האט זיך באקלאגט אויף זיין גארילא.

ווייטער האט פראנס גערעדט מכח דער געלער געפאהר פאר אייראפא און האט פארגעשטעלט, אז זי קען על כל פנים ניט פארגליכען ווערען מיט דער ווייסער געפאהר פאר אזיען: „די געלע האבען ניט געשיקט קיין בודהיסטישע מיסיאנערען קיין פאריז, לאנדאן אדער פעטערבורג. דעסגלייכען האט נאך דער־ווייל קיין שום געלע ארמעע זיך ניט אריינגעלאזען קיין פראנק־רייך און דארט געפאדערט א שטיק לאנד, וואו די געלע זאלען ניט דארפען פאלגען דעם שטאאט אדער דעם געזעץ, נאר שטעהן

אונטער דעם אויפטראַג פון א געריכטס־הויף פון מאַנדאַרינען. אדמיראל טאַגאַ איז ניט געקומען מיט א פלאָטע באָמבאַרדירען דעם האַפען פון ברעסט, אין די אינטערעסען פון יאַפּאַן׳ס האַנ־דעל מיט פראַנקרייך. ער האָט ניט אונטערגעצונדען ווערסאַיל אין נאָמען פון א העכערער ציוויליזאַציע. ער האָט ניט ארויס־גענומען קיין בילדער פון דעם „לואוור“ און קיין פּאָרצעליי־זאַכען פון דעם עליזעע־פּאַלאַץ און עס אוועקגעפיהרט מיט זיך קיין טאָקיאָ. ס׳איז אַן אַלגעמיינע מיינונג, אַז די געלע זיינען ניט גענוג פאַרגעשריטען, כדי צו קענען אַזוי טריי נאָכמאַכען די ווייסע. ס׳ווערט זאָגאַר שטאַרק געצווייפעלט, אויב זיי וועלען זיך גאָר ווען עס איז קענען דערהויבען צו אַזאַ מין הויכער מדרגה פון מאָראַלישער קולטור. ווי קענט איהר גאָר פאַרלאַנגען פון זיי, זיי זאָלען האָבען אונזערע טוגענדען? ! זיי זיינען דאָך ניט קיין קריסטען".

אויף אַזאַ לייכט־באַגרייפליכען אופן און דאָך מיט אַזאַ טיעפער איראָניע פאַרשטעהט פראַנס צו־צוציהען די גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט פון א געמישטען עולם פון אַלערליי קלאַסען. אויב ס׳איז געווען אינטערעסאַנט זיך צו־צוהערען צום רעדנער, איז אָבער אויך געווען ניט ווייניגער אינטערעסאַנט און אַמוזירענד, צו קוקען אויפמערקזאַם אויף די צוהערער און צו באַמערקען, ווי זיינע ווערטער האָבען זיי אָנגעצונדען און ארויסגערופען ביי זיי א באַגייסטערטע צושטימונג.

אָבער דאָס וואָס ציהט זיי אַם מייסטען צו צו איהם, דאָס זיינען ניט אַזוי זיינע אייגפעלע ווי ער גופא. דאָס, וואָס דער דאָזיגער געלעהרטער, וועלכער טראָגט אויף זיך א שווערען פּאַק פון דריי קולטורען, יאָ, וועלכער איז אַליין פאַר זיך א גאַנצע קליינע קולטור, — דאָס וואָס אָט דער קלוגער מאַן, פאַר וועמען דאָס גאַנצע לעבען אויף דער ערד איז ניט מעהר ווי אַן איבער־געהענדער אויסשלאַג אויף דער אויבערפלעכע פון דעם ערד־קוגעל און פאַר וועמען דאָס גאַנצע מענשליכע שטרעבען האָט

דאָרום קיין שום באדייטונג ניט, — דאָס וואָס דיזער גריבלער, וועלכער קען זעהן יעדע זאַך פון פיעלפאַכע פארשידענע זייטען, און וואָלט געקענט קומען צום שלום, אז דאָס עקזיסטירענדע, ווען עס מוז שוין אזוי זיין, איז על כל פנים פונקט אזוי גוט ווי דאָס וואָס איז נאָך ניט געווען — דאָס וואָס ער ערקלערט זיך אַלס זוהן פון דער רעוואָלוציאָן, נעמט זיך אָן פאַר די אָרימע און שוואַכע, גלויבט מיט זיי אינאיינעם אין א צוקונפט פון פרייהייט און גלייכהייט, ווארפט ארונטער פון זיך זיין גאנצע געפּעק און הויל, ווי ער שטעהט און געהט, ציהט ער מיט זיי — אָט דאָס איז דער מאַגנעט, וואָס ציהט צו זיינע צוהערער; אָט דאָס איז עס, וואָס די איינפאַכע לייט קענען פארשטעהן און וואָס זיי ווייסען ווי אָפּצושאַצען.

דאָס האָט געצייגט, אז אין דעם שריפטשטעלער האָט גע־שטעקט א מאַן — אין דעם גרויסען שריפטשטעלער א מוטיגער מאַן.